ספר

# ברך אברהם

אִין דֶעם סֵפֶר וֶוערְט נִיבְּרֶענְגְט שֵׁיינֶע מַעֲשִׂיּוֹת וְואָס
מֶען קֶען זִיךְ אַרוֹיס נֶעמִין אַמוּסָר וְויא אַזוֹ דֶער מֶענְטְשׁ
זָאל זִיךְ פִירֶען אַלְלֶעס וְויא אִין דֶער גְמָרָא וֶוערְט
נִיבְּרֶענְגְט אוֹיךְ פוּן צְווָאוֹת ר׳ יְהוּדָא הַחָסִיד ז״ל אוּנ נָאךְ
אַזֶעלְכֵי זַאכֶן וֶועלְכֶע גוּט זֶענֶען צוּ דֶער נְשָׁמָה. אַלְלֶעס
אוֹיף עִבְרִי טַייטְשׁ כְּדֵי יֶעדֶער מֶענְטְשׁ זָאל פַאר שְׁטַיין
אִין גוּטִין וֶועג צוּ גֵיין וּבִזְכוּת זֶה יְקוּיַים בָּנוּ הַפָּסוּק וּבָא
לְצִיּוֹן גוֹאֵל אָמֵן:

---


הוצאות בית מסחר הספ״ים

של ר׳ יהושע גרשון נ״י מונק

בווארשא געגשע נו׳ 12 | ובקעלץ רחוב אלטער
בבית חומה שלו | מארק נו׳ 4


---

## ווארשא

---

# БЕРАХЪ АБРАГАМЪ

т. е. благословилъ Абрагамъ


ВАРШАВА 1888

אין דר גמרא עבודה זרה שטייט רבי אלכסנדרא הט אויס גרופין ווער עס וויל לעבין זאל צו איהם קומן. אזוי זענען אלע לייט צו אים גיקומען. הט ער זיי גיזאגט ווער עס וויל לעבן דר זאל זיין צינג היטען פון בייז אונ זיינע לעפצין זאל ער היטען פון פאלשקייט. אזו וועט יר מענטש זאגין וועז איך וועל היטין מיין צינג פון בייז אין מיינע לעפצין פון פאלשקייט. וואס דען זאל איך טאהן. דאס מיינט מען ער זאל תורה לערנען. וואָרין די תורה הייסט טוב:

אין דער גמרא סנהדרין שטייט רבי יהושע בן לוי הט גיטראפין ווי אליהו הנביא איז גישטאנען בר דער טיהר פון גן עדן. אזוי זאגט רבי יהושע בן לוי צוא אליהו הנביא ווען וועט משיח קומען. ענטפערט אים אליהו הנביא ווען דער הער וועט וועלין וועט משיח קומען: רבי יהושע בן לוי האט גיטראפין וויא אליהו הנביא איז גישטאנען פאר דער היול פון רבי שמעון בן יוחאי. אזוי זאגט רבי יהושע בן לוי צו אליהו הנביא איך וועל האבין עולם הבא. ענטפערט אים אליהו הנביא אויב דער הער וועט וועלין. זאגט רבי יהושע בן לוי צוויי האב איך גיזעהן אין עם דריטע קול האב איך גיהערט. אזוי האב איך גיפרעגט אליהו הנביא. ווען קומט משיח. האט ער מיר גיזאגט גייא אין פרעג משיח וועלבסט האב איך אים גיפרעגט ווי זיצט משיח האט ער מיר גיזאגט ער זיצט פאר דעם טויער פון רוים צווישין די קראנקע. הב איך אים גיפרעגט. ווי אזו וועל איך וויסען וועלכער משיח איז. הט ער מיר גיזאגט דעם סימן דס די אלי קראנקי מענטשין בינדין אויף אונ בינדין צו עטליכע ווינדען צו זאמען. אונ משיח בינט אויף אונ בינט צו איינציג וויים. אזוי בין איך גיקומען צו משיח. הט משיח צו מיר גיזאגט פריד צו דיר בר ליואי. האב איך אים גיפרעגט ווען וועסטו אהער קומען. הט משיח מיר גיענטפערט היינט. בין איך גיקומען צו אליהו הנביא. אונ הב צו אים גיזאגט משיח הט מיך אפ גינארט דען ער האט מיר גיזאגט אז ער וועט היינט קומען. אין ער איז ניט גיקומען. זאגט מיר אליהו הנביא ער הט גימיינט אז איר וועט פרום זיין אין איר וועט אלע הערן לערנען וואלט ער גיוועזן נאך היינט גיקומען

# פרק ראשון

אין דעם פרק ווערט באשיידין וויא איטליכר זאל זיך צייט נעמן תורה צו לערנן ער מאג זיין רייך אודר ארום אין וועלעכר וואס איז ניט קיין למדן זאל ער טייטש ספרים לייענן. ווייל אויף יענר וועלט פרעגט מען די אלי זאכן צום ערשטין דרום האב איך אין דעם ספר דאס גישטעלט. אז אין דר גמרא סנהדרין שטייט די ערשטו פראגע דעם מענטש אויף יענר וועלט איז. פאר וואס ער הט קיין תורה ניט גילערונט. איז דאך קשה. צום אמת פרעגט מען דעם מענטשין פריער אויב ער הט ערליך גיהאנדילט. אין דר נאך פרעגט מען אים אויב ער הט תורה גילערונט. דרום איז עס צו פאר שטיין מיט דר מעשה וואס מיר שרייבין: מעשה אליהו הנביא איז גיגאנגין שפאצירין אוף דעם פעלד. הט ער באגעגונט איין יהודי פרעגט אים אליהו הנביא וואס ער טוט אויף דעם פעלד. ענטפערט אים דר יהודי דאס ער האפט פייגיל מיט גרויסע תחבולות אין חכמה. זאגט אליהו הנביא צו אים אז ביסט דוא איין גרויסר חכם. האסט די תורה גילערנט. זאגט ער ניין. דרום איז שון פאר ענטפערט. פאר וואס מען פרעגט צום ערשטין דעם מענטש אויב ער הט ערליך גהאנדילט. וואָרין מען וועט אים צום ערשטין פרעגין אויב ער הט תורה גילערנט קאן ער ענטפערן איך האב קיין שכל ניט גיהאט תורה צו לערנון. דרום פרעגט מען אים צום ערשטין אויב ער הט ערליך גיהאנדולט: זאגט ער יוא איך האב גאנץ ערליך גיהאנדולט. פרעגט מען אים אז האסט שכל גיהאט ערליך צו האנדלין. פאר וואס האסטו ניט גיהאט שכל תורה צו לערנען דורך דעם דער מענטש וואס הט קיין תורה ניט גילערונט. האט קיין שום תירוץ ניט. אין זיין עונש איז גרויס. דורך דעם פרעגט מען צום ערשטון אויב ער הט ערליך גיהאנדולט. אבער דר עיקר איז דאס קייגען תורה לערנין. אונזערי חכמים שרייבין. אוף דעם וואס

דר

דר מענטש לערינט קיין תורה ניט העלפט ניט אויף יענר וועלט קיין שום תירוצים. זאגט ער איך בין איין גרויסער עושר גיוועזן האב איך קיין צייט ניט גיהאט תורה צו לערנן וויל איך בין גיוועזן פאר טרוד אין מיני עסקים. אזו זאגט מען צו איהם ביסט דאך ניט רייכר גיוועזן פון רבי אלעזר בן חרסום. וואס זיין פאטער האט אים איבער גילאזט טויזנד שטעט אויף דר טרוקניש אין טויזנד שיפין אויף דעם ים. פון דעסט וועגין האט ער זיך מיט גינומין איין גרויסע סומע געלד אין איז גינאנגין פון איין שטאט אין דר אנדרער תורה לערנין. איין מאל הט אים ביי גענומט זיין אייגנר קנעכט. נאר דר קנעכט הט רבי אלעזרין ניט דר קאנט. אזו זאגט דר קנעכט צו אים דו מוזט היינט ארבטין ביי מיין הער ר' אלעזר. זאגט ר' אלעזר צום קנעכט. לאז מיך אפ. ווארין איך וועל גיין תורה לערנן. זאגט דער קנעכט. אזו וויא עס איז אמת אז ר' אלעזר בן חרסום לעבט. אזוי וועל איך דיך ניט אפ לאזין. נאר די מוזט היינט ביי מיין הער ארביטן. אזו גיט אים ר' אלעזר זיין גאנץ געלט וואס ער הט מיט זיך גיהאט. אזוי הט אים דר קנעכט אפ גילאזט. אונ ר' אלעזר איז גיגאנגן תורה לערנון. הט זיך ר' אלעזר זיין גאנץ געלד אוועק גיגעבין אונ האט זיך ניט גיוואלט געבין צו דער קענין. כדי מען זאל ניט וויסין אז ער גייט ארום תורה לערנין אזו פרעגט מען דעם עושר פר וואס ער האט זיך ניט גיפורט וויא ר' אלעזר בן חרסום: זאגט דר מענטש איך בין זייער ארום גיוועזן האב איך ניט גיקאנט תורה לערנין. זאגט מען צו אים בוסט דען ארומער גיוועהן ווי הלל. ער האט אלי טאג פאר דינט איין שילינגיר אזו הט ער דעם שומר פון בית המדרש אוועק גיגעבין איין האלבין אונ מיט דעם אנדערין האלבין שילינגר האט ער זיך מיט זיין ווייב אונ קינדער גישפייזט. איין טאג האט ער די פרוטה אוך ניט פאר דינט. אזו האט אים דר שומר פון בית המדרש ניט אריינגילאזט. אזו האט זיך דר גוטער הלל גלייגט פאר דעם פענסטער ער זאל קענן הערין תורה פון רבי שמעיה ואבטליון. עס איז גיוועזן אין דר צייט פון תקופת טבת. עס איז גיגאנגן איין גרויסער שנייא. אין ווי דר גוטער הלל איז גלעגין פאר דעם פענסטער איז אויף אים אן גיפאלין פיל שנייא דאס מען הט אים שוין גאר ניט ארוים גיזעהן. אין ער איז אלס גילעגין כדי ער זאל תורה הערין. דרום פרעגט מען. דעם ארומאן. פאר וואס האסטו דיך ניט גיפורט אזוי ווי דער גוטער הילל: זאגט דר מענטש איך בין איין שיינער פרשון גיוועזן דורך דעם הט מיך דר יצר הרע פאר פירט. האב איך קיין תורה ניט גיקענט לערנון. אזו זאגט מען צו אים האסטו דען אין דיר מיין יצר הרע גיהאט ווי יוסף הצדיק. וואס פאר אצרות ער האט גיהאט פון פוטיפרס ווייב. זיא האט איהם גיוואלט מיט גיוואלד איבער רעדין. דאס ער זאל איר ווילין טאן. זי האט אים גילאזט אין תפיסה איין זעצין. ווארין מיט גוטען הט זיא ביי אים ניט גיפועלט. זי האט אים צוא גיזאגט שענקין טויזנט צענטנר זולבער. כדי ער זאל איר ווילין טאן אין ער האט ניט גיוואלט. האט זיא גיפרובט מיט בייזין. אונ דר גוטער יוסף הצדיק האט זיך פאר לאזט אויף הקדוש ברוך הוא אין האט זיך ניט גילאזט איבער ריידין זיין יצר הרע. אזוי פרעגט מען דעם שיינעם פארשוין פאר וואס האסטו דיך ניט גיפורט אזוי ווי יוסף הצדיק: דרום זאגין אונזערי חכמים אז אויף יענר וועלט העלפין דעם מענטש ניט קיין שום תירוצים. אזו ווי מיר גיפונען אונ אלי היילגע ספרים דאס פאר צייטונגס האטשע זענין גיוועזן גרויסע ארומי לייט פון דעסט וועגין האבין זיי תורה גילערונט; זיי זענין גיוועזן אזו ארום דאס זעקס מענטשין האבן זיך צו גידעקט מיט איין קלייד. פון דעסט וועגין האבין זיי תורה גילערונט. מיט עסין האבין זיי זיך גילאזט באנוגען מיט וואס עס איז אפילו עס איז אין הויז קיין ברויט ניט גיוועזן. פון דעסט וועגין האבין זיי תורה גילערונט: רב אדא בר מתנא פלעגט גיין פלייסיג אין בית המדרש אריין תורה לערנין. איין מאל זאגט זיין ווייב צו אים מיין ליבער מאן די תורה לערנן איז זייער גוט. אבער וואס וועט זיין אונזער תכלית פון וואס וועל איך האבן אונזערו קינדר עסין צו געבן אז די טוסט

קיין שום משא ומתן ניט. אונ קיין געלד האב איך ניט. אזו זאגט ער. מיין ווייב דער ווייל איז נאך דא אויף דעם פעלד קרויט מיט קארטאפליס. וואס עס קאסט דיך צונד קיין געלט ניט. האסט די מיט דו קינדער דער ווייל עסין. אין איך וועל יום ולילה תורה לערנין: אונזערע חכמים שרייבין. ווען איינער לערונט תורה אונ ארומקייט העלפט אים הקדוש ברוך הוא דאס ער לערונט תורה אין גרויס עשירות. אונ ווען איינער לערונט קיין תורה ניט וויל ער איז איין גרויסער עושר. לסוף הט ער דר פאר דעם דלית וואס דורך דעם ארומקייט קאן ער קיין תורה ניט לערנן. ווען איינער לערונט תורה אויף דער וועלט; וואס דו וועלט איז גיגליכונט צו נאכט. האט ער דעם שכר אויף יענער וועלט וואס זוא איז גיגליכענט צו טאג: רבי בר בר חייא איז גישטארבן. איז צו אים גיגאנגן רבי זעירא. אונ האט איהם אזו כספיד גיוועהן. שלמה המלך האט גיזאגט דר שלאף פון איין ארבייטארער איז זייער זוס. דאס משל האט ער אויף אונז גיזאגט. מיר הייסן ארבייט לייט. מיר זענין גידונגען צו דער מלאכה. תורה לערנן אויף דער וועלט. דרום איז דר שלאף דאס הייסט דר טויט זייער זוס ווארין אז אמענטש שטארבט נעמט מען אפ דעם שכר. משל איין מלך האט גיהאט פיל ארבייט לייט. איינער פון דיא אללע ארבייט לייט איז גיוועזן זייער פלייסיג אין דער מלאכה מיין פון אללע. אזוי האט איהם דער מלך גישיקט רופען אונ איז מיט איהם גיגאנגן שפאצירען. דר מלך האט אים ליב גיהאט ווייל ער איז פלייסיג אין דר ארבייט. פר נאכט זענין אללע ארבייט לייט גקומען צום מלך דאס ער זאל זיי באצאלין צווישען די ארבייט לייט איז דר וואס דער מלך איז מיט איהם שפאצירען גיגאנגען אויך גיקומען דאס דער מלך זאל איהם אויך באצאלין. אזוי הט זיי דר מלך אללע גלייך באצאלט אזוי זאגין די איבערונגע ארבייט לייט. אדוני מלך. מיר האבין גיארבייט איין גאנצין טאג. אין ער הט נאר גיארבייט עטליכע שעה פאר וואס זאל ער נעמין גלייך מיט אונז. ענטפערט די דער מלך. איהר זענט אללע נערדאנים. איהר זאלט וויסין. דאס ער איז אזוי פלייסיג אין זיינע ארבייט אז ער האט אין די עטליכע שעה אזוי פיל גיארבייט. גלייך ווי איהר אגאנצין טאג. דאס האט רבי זעירא געמיינט. רבי בר בר חייא איז יונג גישטארבן ער איז אלט גיוועזין צוואנציג יאהר אבער ער איז גיוועזין איין גרויסער בעל מלאכה אין דער תורה. ער הט מיין גילערנט ווי איינער וואס איז אלט הונדערט יאהר. דארום וועט ער האבען שכר גלייך ווי איינער וואס לערונט הונדערט יאהר: ווען איינער איז איין עני וואס ער קאן דאס קינד נישט האלטען ביי איין מלמד דארף מען איהם געבין געלד כדי ער זאל קאנען דאס קינד תורה לערנן. אונזערע חכמים שרייבען ווען איינער לאזט זיין חברס קינד תורה לערנין איז ער זוכה צו זיצען בישובה של מעלה אין זיין זכות איז זייער גרויס ווען הקדוש ברוך הוא איז נוהר איין שלעכטע גזירה קאן ער זיא מבטל זיין. אונ דער וואס לאזט דעם חברס קינד תורה לערנן. איז גלייך ווי ער הט אים באשאפין. אונזערי חכמים שרייבן וועך עס לערונט קיין תורה ניט פאלט אריין אין גיהנם. אבער דר וואס לערונט תורה. דעם גוט הקדוש ברוך הוא זיין באגער. אונ דעם הויז וואס עס ווערט קיין תורה ניט גילערונט. דאס ווערט חוו פר ברענט. אויך וועליכער עס לערונט תורה. איז גלייך ער האט אלי קרבנות מקריב גיוועזן. וועליכר עס לערונט ביי נאכט תורה. שטייט די שכינה קיגין אים. אין זהר הקדוש שטייט. וועליכר עס לערונט תורה אין מיטען דער נאכט איז זיין זכות גאר גרויס. ווארין האלבער נאכט גייט הקדוש ברוך הוא אין גן עדן. אזו פרעגן אים דו מלאכים. וואס איז דאס פאר איין זוס קול וואס מיר הערין. ענטפערט זיי הקדוש ברוך הוא. דאס קול איז פון מייני קינדער וואס לערנען תורה. רבי חסדאס טעכטער האבן צו אים גיזאגט. ליבער פאטער די לערונסט טאג אונ נאכט תורה. פאר וואס זאלסטו ניט אביכול שלאפין. האט ער זיי גיענטפערט לובע קינדער עס ווערט זיין איין צייט. דאס עס וועט זיין איין לאנגער טאג צו שלאפין. אונ איין קארצער טאג תורה צו לערנן. אונ מצות

טוען

טוען. דאס האט ער גימיינט ווע' דער מענטש שטארבט. הט ער צייט אונ דעם פינסטערין גרוב צו שלאפין אבער תורה צו לערנון איז דר טאג קארין: פאר צייטונס האבן אלי לייט פלייסיג תורה גילערונט. רבי יוחנן אוך רבי אלעזר זענין ניט גיגאנגין פיר איילין זאלין קיין תורה ניט לערנון. אונזערי חכמים שרייבין ווער עס לערונט תורה איז זיין מצוה גרעסער ווי ער וואלט מציל נפשות גיוועזן אוך איז דאס לערנון איין גרעסערו מצוה ווי ער וואלט דאס בית המקדש גיהאלפון באוין. אוך דו תורה לערנון איז איין גרעסערע מצוה ווי מכבד זיין פאטער אונ מוטער. אוף דרייא זאכען ווייזט הקדוש ברוך הוא אלי טאג. איינס פון דו דריי זאכען איז. ווער ליכר עס קאן לערנון אונ לערינט ניט. יעדר מענטש איז מחויב אלי צייטון תורה לערנון. אפילו אז עס טוט אים וויי דר קאפ. אודער דר האלז אודער דאס לייב אודער דו ביינער אודר דר גאנצער גוף. זאל ער אלץ תורה לערנון. אונזערו חכמים שרייבין דאס זענין יסורים של אהבה. אז הקב"ה שיקט יסורים אוף אמענטש זאל ער תורה לערנון. אזו הט אים הקב"ה גוויס ליב. אונ דו תורה הייסט סם החיים. דס איז טייטש איין קרייטיכץ וואס עס איז פר אלים גוט. איין משל איין פאטער שלאגט זיין קונד אונ מאכט אים איין ווינד. וואס טוט ער לייגט ער אים צו איין פלאסטער. אונ דר פאטר זאגט צום קונד מיין קונד כל זמן דר פלאסטער לוגט אוף דעם ווינד זאלסטו גאר קיין מורא ניט האבן עס וועט דיר גאר ניט שאטין. דו מעגסט עסון אונ טרונקון אונ דיך וואשין אונ קאלט אודער אונ ווארום וואסר. אבער אז דו וועסט דעם פלאסטער אראפ נעמין איז עס דיר שעדליך. עס קאן זיך דיר מאכון ווילד פלייש. אזו זענין מיר אוך. הקב"ה איז דר פאטער אונ מיר הייסון זיינו קונדר. ער הט אונז גישלאגן מיט דעם יצר הרע וואס ער ברענגט דעם מענטש צו אלים שלעכטס. דער קייגין האט אונז הקדוש ברוך הוא גיגעבין איין רפואה דאס איז די תורה. אזו זאגט הקדוש ברוך הוא צו אונז קונדער איך האב אייך גישלאגין מיט דעם יצר הרע וואס ער רעד אייך אהן צו אלים בייז. זאלט איר נעמען די רפואה וואס דאס הייסט איהר זאלט תורה לערנען וועט אייך דער יצר הרע גאר ניט קאנען טאהן ווי באלד איר וועט לערנען תורה האט איר קיין מורא ניט צו האבין פאר דעם יצר הרע. אבער אז איר וועט קיין תורה ניט לערנען. ברענגט אייך דער יצר הרע צו אלים שלעכטין: אונ דר גמרא ירושלמי שטייט עס איז גיוועזן איינער וואס ער האט אלי טאג פיל רכילות אונ לשון הרע גירעד איין מאהל הט ער חרטה אויף דעם. אין איז גיגאנגען צו רבי יוחנן ער זאל אים געבין איין רעכטע תשובה אזוי האט אים רבי יוחנן גיהייסין גייאין צו רבי חנינא. ווי ער איז גיקומען פאר ר' חנינא אין האט פון אים פאר לאנגט ער זאל אים איין תשובה געבין. הט אים רבי חנינא גיזאגט ער ווייסט ניט אויב ער קא' אים איין זיכערע תשובה געבין. נאר ער זאל תורה לערנען. וועט ער גיוויס האבען איין זיכערע תשובה. וואָרין די תורה איז ארפואה צו אלים:

אויך גיפונען מיר אז די תורה איז מציל דעם מענטש פון טויט:

מעשה אין דער גמרא פסחים שטייט רבי חנינא בן דוסא איז גיגאנגען אויף דעם וועג. האט אים באגעגונט איין שידית. אזוי זאגט זיא צו אים ווען מען זאל אין הימיל ניט גיוועזן אוים רופען זייט גיווארונט אן רבי חנינא אין און זיין תורה. אזוי וואלט איך דיך ממית גיוועזן. ענפערט איר רבי חנינא אז איך בין יוא חשוב אין הימעל בין איך אויף דיר גוזר זאלסט מיין ניט קיין מאכט האבין מענטשין צו שדין אזו הט אים די שידית גיבעטון ער זאל איר געבין רשות צוויי טאג אין דער וואך מיטוואך ביי נאכט אונ ערב שבת ביי נאכט:

מעשה רבי אביי איז גיגאנגען אויף דעם וועג האט ער באגעגונט איין שידית אזוי זאגט זיא צו אים ווען מען זאל אין הימעל ניט גיוועזן אוים רופין זייט גיווארינט אהן רבי אביי אין און זיין תורה וואלט איך דיך ממית גיוועזן. אזוי זאגט איר רבי אביי אז איך בין יוא חשוב אין הימעל. בין איך גוזר אז פון היינט אן זאלסטו קיין רשות ניט האבין מענטשין צו שאדין טון: אונ דער גמרא ראש השנה שטייט. עס איז גיוועזן איין משפחה אין ירושלים וואס

זיי זענען גישטארבען צו אכצען יאהר. אזוי זענען זיי גיגאנגען צו רבי יוחנן ער זאל זיי איין עצה געבין. אזו האט רבי יוחנן זיי גיזאגט איך קאן אייך קיין עצה ניט געבין איר מוזט זיין פון דער משפחה פון עלי הכהן וואס זיי זענען פאר שאלטין גיווארין דאס זייערי קינדער זאלין שטארבע צו אכצען יאהר. נאר די עצה קאן איך אייך געבין איהר זאלט תורה לערנען וועט איר ניצול ווערין וואָרין די תורה איז מציל פון טויט. אזוי האבין זיי גילערנט תורה בהתמדה. זענען זיי גיבליבען לעבין. פון דעמאלט אן רופט מען זיי משפחת רבי יוחנן ווייל ער האט זיי איין עצה גיגעבין דאס דורך דער עצה זענען זיי גיבליבען לעבען. אלישע בן אבויה איז גיוועזן איין גרויסער למדן ער פלעגט גיין אין הימל אריין מיט גרויסע שמות הקדושים. לסוף האט ער זיך מומר גיוועזן. האט מען אים איין נאמען גיגעבין אחר. דאך האט ער נאך אלע צייטי גילערנט מיט זיינע תלמודים. וויא ער איז גישטארבין אונ האט קיין תשובה ניט גיטאן. הט זיך רבי מאיר זייער מצער גיוועזן ווייל ער איז זיין תלמיד גיוועזן אז זיין רבי זאל קיין עולם הבא ניט האבין. אזוי זאגט רבי מאיר ווען איך וועל שטארבין וועל איך זעהן אז מיין רבי זאל אין גיהנם אריין קומען. זדורך דעם וועט ער קענען אין גן עדן אריין אויך קומען. ווען ער וועט אין גיהנם זיין עונש אפ קומען. ווען רבי מאיר איז גישטארבין האט מען גיזעהן ווי עס איז ארויס איין רויך פון דעם קבר פון אחר. דאס איז דער סימן צו רבי מאיר האט זיין רבי גיברענגט אין גיהנם אריין. אזוי האט רבי יוחנן גיזאגט ווי איין קונטס האט רבי מאיר באוויזן דאס ער האט זיין רבי גיברענגט אונ גיהנם אריין. ווען איך וועל שטארבען וועל איך אים מיט מיר מיט ברענגען אין גן עדן אריין. אונ איך וועל זעהן ווער עס וועט אים פון מיין האנד אוועק נעמען. ווען רבי יוחנן איז גישטארבען האט מען גיזעהן ארויס איין רויך פון קבר פון אחר. דאס איז דער סימן דאס ער איז אין גן עדן אריין. דא קאן מען זעהן ווי גרויס דער זכות פון תורה איז. מיר געפינען אונ אלע ספרים אז תורה איז שטארק גיליבט פר הקב"ה.

מעשה רבה בר שילא איז גיגאנגין אויף דעם וועג באגעגנט אים אליהו הנביא אזוי פרעגט ער אליהו הנביא. ליבער רבי זאג מיר וואס טוט איצינד הקב"ה. אזוי זאגט אים אליהו הנביא ער לערנט איצינד די אלע הלכות וואס די רבנן האבין גילערנט:

דער קייסער אנטונינוס ער פלעגט אלי טאג תורה לערנען ביי רבי. עס איז גיוועזן שטארק בסוד. דער קייסער האט גיהאט איין הייל פון זיין הויז ביז צום רבים הויז עס האט קיין שום מענטש ניט געוויסט אויב ער לערנט תורה. דער קייסער פלעגט אלע טאג צו זיין בייא רבי אלעס משרת ער פלעגט אים צו געבין עסין אונ טרונקען. אויך ווען רבי האט זיך שלאפין גילייגט. פלעגט זיך דער קייסער לייגין פאר דעם בעט אין רבי איז אויף אים ארויף גיגאנגען אין בעט אריין. איין מאהל זאגט רבי צום קייסער ליבער קייסער דאס איז ניט קיין כבוד איך זאל אויף א קייסער טרעטין. אזוי זאגט דער קייסער. ליבער רבי הלואי וואלט איך קאנען זיין איין פוס בענקעלע אויף יענער וועלט. איין מאהל פרעגט איהם דער קייסער ליבער רבי. זאגט מיר אויב איך וועל האבין עולם הבא. אזו זאגט אים רבי. יוא איהר וועט פאר געווים האבין עולם הבא ווייל איהר האט תורה גילערינט. אויך גיהער זיך דער מענטש ניט בגאוה צו האלטין ווען ער לערנט תורה. וואָרין די תורה איז גיגלעכינט צו דריי ערלייא גיטראנקין דאס ערשטע איז וואסער. דאס אנדערע איז מיליך. דאס דריטע איז וויין. וואס די דרייא ערלייא זאכין האלטין זיך ניט אין זילבערנע אונ ניט אין גילדערנע כלים נאר אין ערדינע כלים וואס דאס איז ביי זיך שטארק שפל. אזוי אויך די תורה האלט זיך ניט בייא דעם וואס איז איין בעל גאוה. נאר בייא דעם וואס איז ביי זיך שפל. לעתיד לבא וועט הקב"ה נעמען איין ספר תורה אין זיין שוים אריין. אונ וועט זאגין די אלע מענטשין וואס האבין תורה גילערנט זאלין קומען נעמען זייער שכר. דרום דארף יעדער מענטש זיך איבער טראכטען ווי גרויס די מצוה פון תורה לערנען איז. די מצוה האט גאר קיין סוף ניט. וואָרין די תורה איז אויף אונז מגין בעולם הזה ובעולם הבא אמן סלה:

אין דם פרק ווערט ביי שריבען ווי אזוי מען זאל צדקה געבין. ווייל דר וואס ער גיט צדקה דר ווערט ביי שערימט פון דם טויט. אונזערי חכמים שרייבין דו מצוה פון צדקה איז זייער גרויס. אברהם אבינו הט צום ערשטן מקיים גיוועזן די מצוה פון צדקה. ער הט איהם גיבויעט אהויז פאר אורחים וועגין. אז עס איז צו אים גיקומען איין אורח הט ער אים צו גינומען מיט גרויס פרייד. אין ער הט גיגעבין עסין אונ טרינקען ווי פיל ער האט באדארפט. יעדער מענטש דארף געבין צדקה נאך זיין פארמעגין. ווען איינער גיט ווייניג צדקה ווען ער ניט עס מיט דם גאנצין הארץ איז זייער גוט. משל איינער ברייננט איין גרויסע מתנה צו איין מלך. איז אים אספק אויב דער מלך וועט זיא צו נעמען. אונ אז דר מלך נעמט שוין די מתנה. איז אים ווייטער אספק. אויב ער וועט קאנען זעהן דם מלך. אבער ביי הקדוש ברוך הוא איז אנדערש. איינער גיט איין ארום מאן איין מתנה. הייסט ער גלייך גער וואלט געבין הקדוש ברוך הוא אליין די מתנה. איז ער זוכה ער זאל זעהן הקדוש ברוך הוא. דוד המלך זאגט אין פסוק אין תהלים וואל צו דם מענטש ווס ער ביי גייט זיך קלוג מיט איין עני. דם מיינט מען ער זאל געבין צדקה בשתיקה. דר עני זאל ניט מבויש ווערין. פר דעם וועט ער ניצול ווערין פון גיהנם. אונזערי חכמים שרייבן. ווען איין מענטש איז ארים אין וויל ביי מענטשין ניט נעמען זאל מען אים געבין מיט חכמה דם ער זאל ניט פר שעמין אז דאס איז צדקה וועט ער דאס צו נעמען. היינו ווען מען גיט אים די צדקה זאל מען אים זאגין איך וויים אז דו ווילסט ניט אז מען זאל דיר שענקען. דרום לייא איך דיר אויס. אונ אז ער הט שוין צו גינומען מעג מען אים זאגין איך וויל דאס דיר שענקען. אודער מען זאל צו אים זאגין. ברענג מיר איין משכון וועל איך דיר דרויף לייאין. וועט ער דאך זאגין איך האב ניט קיין משכון זאל מען צו אים זאגין. איך וועל דיר לייאין אן א משכון אזוי וועט דר עני ניט פר שעמט ווערין: די מצוה פון לייאין איין עני איז נאך גרעסער פון צדקה געבין. איין מין האט גיפרעגט רבי גמליאל ווען אייער גאט האט ליב ארומי לייט פאר וואס גיט ער זיי אליין קיין געלד ניט אודער זאלין האבין פרנסה. הט אים רבי גמליאל גיענטפערט איין גוטען תירוץ. למשל איין מלך איז גיוועזן ברוגז אויף זיין זון. האט ער אים אין תפיסה איין גיזעצט. אונ האט פאר זאגט אז מען זאל אים קיין עסין אונ טרונקען ניט געבין. דאך הט זיך איינער איבער דעם בן מלך דר בארומט. אונ הט אים אריין גיטראגין עסין אונ טרונקען. ווי דר מלך איז פון דעם גיוואר גיווארין איז דאס אים שטארק גיפעלין. אזוי שיקט אים דער מלך רופען. אונ איז אים מכבד. אונ שענקט אים פיל געלד. אויך מאכט ער אים פאר אגרויסין הישוב. דאס משל איז אויף אונז גיזאגט גיווארין. הקדוש ברוך הוא הייסט אונזער פאטער אונ מיר הייסין זייני קינדער ווען איינער איז ארום האט דאך אים הקדוש ברוך הוא גישטראפט. ער זאל זיין ארום. אונ ווען איינער דערבארומט זיך איבער הקב"ה'ס קינדער אונ גיט זיי זאלין האבין עסין. קאן מען פארשטיין ווי פיל שכר הקדוש ברוך הוא גיט אים דער פאר.

אונזערע חכמים שרייבין ווער עס גיט ניט קיין צדקה. איז גלייך ער דינט ח"ו די ע"א: מעשה עס איז גיוועזן בנימין הצדיק ער איז גיוועזן דער גבאי פון צדקה. דעמאלט איז גיוועזן איין גרויס הונגער אויף דער וועלט. איז צו אים גיקומען איין אשה אונ זאגט צו אים ליבער רבי שפייזט מיך ווארין איך האב גרויס הונגער. זאגט ער צו דער אשה איך שווער דיר אז אצינד איז ניט דא קיין צדקה געלד. זאגט צו אים די אשה. ליבער רבי ווען די נעמסט מיר אצינד גאר ניט אזוי מוז איך מיט מיינע זיבען קינדער פאר הונגער שטארבין. ווי ער האט דאס גיהערט האט ער איר גיגעבין פון זיין איינין געלט צדקה. אין איין אצייט ארום צו דער גבאי צדקה האט גידארפט שטארבען. אזו זאגין די מלאכים צו הקב"ה רבונו של עולם די האסט גישריבין אין דער הייליגער תורה ווער עס איז מציל איין נפש פון דעם טויט א[ז] גלייך ער וואלט די גאנצע וועלט ביי דעם לעבין דער האלטין. אונ דער בנימין הצדיק האט דער האלטין דוא אשה מיט אירע זיבן קינדר פאר וואס זאל ער אזו יונג שטארבן.

צוו איז דער גוטער בנימין הצדיק לעבן געבליבן אונ הט נאך גילעבט צווייא אונ צוואנציג יאר. זעהט מען ווערבעס גוט צדקה ווערט ניצול פון דעם גיהנם משל צווייא שאף איינס איז גשוירן אונ איינס איז ניט געשוירן. זיי גייאן ביידי דורך איין וואסער מיילא דאס גשוירינע איז גרונג דורך גנאנגן איבר דעם וואסר. אבער דס אום גשוירינע הט ניט גקענט דורך גיין דאס וואסער ווייל עס איז גוועזן שווער פון דר וואל. אזו אוך ווער עס שערט זיין געלד. דס מיינט מען ער גוט צדקה קאן ער גרונג קומען אונ גן עדן אריין. אבר ווער עס שערט ניט זיין געלד. ער גוט קיין צדקה ניט דר קאן אין גן עדן ניט קומען ער מוז דא בלייבן: אונזרע חכמים שרייבן אפילו איין עני זאל אויך צדקה געבין. דורך דעם זכות קען יער זוכה זיין ער זאל קיין צדקה ניט דארפן נעמן. אין פסוק שטייט הקדוש ברוך הוא זאגט צום מענטש דאס אלעס וואס דו טוסט אוף דר וועלט הן דו טוסט גוטס הן דוא טוסט שלעכטס. קענסטו אוף דעם אלס אוף יענר וועלט איין עונש ליידן. איז דאך קשה פאר וואס זאל ער ליידן איין עונש אוף דעם וו... ער הט גוטס גטאן. אדרבא ער דארף דאך צו האבן שכר. דרום מוז מען דאס פר שטיין. וואס דר פסוק מיינט. ווען איינר גוט צדקה איין עני צווישן מענטשין. וואס דער עני ווערט דורך דעם פר שעמט. הייסט דאך דאס גוטס ווארין ער האט דאך צדקה גיגעבן. אבער דורך דעם וועט ער האבין איין עונש ווייל ער הט דעם עני מבויש גישטעלט:

מעשה רבי ינאי הט גיזעהן ווי איינר הט צדקה גיגעבין איין עני פר מענטשין. אזו זאגט רבי ינאי צו אים ליבער מאן עס וואלט גלייכער גיוועזן דו זאלסט קיין צדקה ניט גיוועזן געבין וואס קומט דיר ארויס פון דר צדקה דר עני איז זיך מבויש גיווארין. פר פיר ערלייא זאכין קומט עם ממון של ישראל אין נכרים'ס הענד אריין. איינס פון דו פיר איז. ווער עס זאגט פר מענטשין אז ער וועט צדקה געבין. אונ איז ניט מקיים. דריי ערליי זאכין איז פר האנדין וואס הקב"ה אליין רופט אוים יעדערן טאג דעם שכר. איינס פון דו דרייא איז. ווען איין עושר ניט דעם עני מעשר פון זיין געלד בשתיקה. אונ עס איז פאר האנדין צוויי ערליי צדקות. וואס איינע איז מציל דם מענטש פון גיהנם אין איין צדקה איז פר האנדין וואס זי איז מציל פון מיתה משונה. ווען איינר גוט צדקה בסתר אונ מיט דעם נאנצן הארץ. דו צדקה איז אים מציל פון גיהנם. אבער ווען איינר גיט צדקה בשתיקה מיט אזו איין אופן וואס מען ווייסט ניט ווער די צדקה הט גיגעבין. דו צדקה איז מציל פון מיתה משונה: דו מצוה פון דר צדקה איז גרעסער פון אלי קרבנות. אוך ווען איינער גוט איין עני צדקה איין פרוטה מיין לויט זיין פר מעגין. איז דו מצוה אוך זייער גרוים: וועליכער מענטש ער גיט צדקה. ווערט ער גיבענשט מיט זעקס ברכות. אונ וועליכר עס גיט דעם עני צדקה מיט גיטע רייד דר ווערט גיבענשט מיט עליף ברכות. וואס מיין דר מענטש גיט צדקה. מיין כשערט אים הקב"ה ער זאל נאך מיין קענין געבין. אוך שיקט אים צו הקב"ה פרומי ארומי לייט וואס דו צדקה איז בייא זייא אהן גילייגט. אונ אז דו צדקה איז ביי דעם עני אהן גיליינט. האט ער דורך דעם איין גרויסין שכר. ער איז זוכה דאס זיינו קונדר זענין גרויסי עשירים אונ גרויסי בעלי חכמות אין גרויסי לומדים. אוך ווען איינר לייעט איין עני געלד ווען ער איז אין איין נויט. איז דאס איין גרויסי מצוה. פאר דעם איז ער זוכה אז ער בעט עפים פון הקדוש ברוך הוא. טוט הקב"ה זיין באגער. ווען איין עני זוצט אונ זיין שטוב אין עסט אונ טרונקט. טאר מען ניט זאגין אז מען זאל שוין דעם עני קיין צדקה ניט געבין ווייל ער פירט זיך אונ זיין שטוב אורינטליך. גיין. דם טאר מען ניט זאגין נאר אדרבה מען זאל אים געבן: אונזערי חכמים שרייבן ווער עס וויל צדקה געמין דעם זאל מען געבן ער טאג זיין ווער ער וויל:

מעשה איין עני איז גקומען צו רבי נחמיה. אזו זאגט ער צו דעם עני. זאג מיר וואס איז דיין גוואנהייט צו עסין. אזו זאגט דער עני. איך בין גוואנט צו עסין פעט פלייש אין טרונקין אלטין וויין. אזוי זאגט דער גוטער רבי נחמיה איך האב יעצט ניט אויב דו ווילסט קאנסטו יעצט רעכטין ארבים. אזוי האט דער עני גיגעסין ארבים אונ איז באלד גישטארבין ווייל ער איז ניט גיוואנט גיוועזין מיט דעם עסין:

מעשה אליעזר איש ברתותא ער איז גיוועזין איין פרומער מאן. ווען די גבאי צדקה האבן איהם באגעגנט האט ער זיי אוועק גיגעבין ווי פיל ער האט ביי זיך גיהאט. איין מאל האבן אים באגעגנט די גבאי צדקה אויף דעם מארק. וויא זייא האבן אים דער זעהן אזוי זענין זיי פון איהם אוועק גילאפין. ווייל זיי האבן אויף איהם רחמנות גיהאט ווארום ווען ער האט זיי גיזעהן האט ער זיי דאס גאנצע געלט אוועק גיגעבין. וויא דער גוטער אליעזר איש ברתותא האט דאס גיזעהן. אזו לויפט ער זייא נאך אונ זאגט צו זיי איך טוא איין שבועה דאס איהר זאלט מיר זאגין וואס איר דארפט. זאגין זיי אז דוא ווילסט דווקא וויסין. מוזין מיר דיר דער צייליו. מיר גייען פאר איין ארומע יתומה אונ פר איין ארומע יתום נאדן צו נאנד געמין. זאגט דער גוטער אליעזר איש ברתותא. מיין טאכטער איז דאך איין כלה איז ביי מיר דער נאדן וואס איך דארף מיין טאכטער צו געבין אונ גוט דאס אויף די ארומע יתומים: רבי יונה ווען ער פלעגט איין פרומען מענטש צו זעהן וועליכער איז פון זיין עשירות אפ גיקומין. אזו פלעגט ער אים זאגין. מיין ליבער מאן איך האב גיהערט דאס דו וועסט איין ירושה געמין פון איין ווייט לאנד. אזו נעם פון מיר דאס געלד אונ אז דו ירושה וועט דיר אהן קומין וועסטו מיר אפ געבין. באם דר אפ גיקומינר עושר וויל דאס געלד ניט נעמין. אזו זאגט ער צו אים זאלסט וויסין דאס איך וויל דיר דם געלד שענקין. אזו איז ער שוין ניט מבויש גיווארין: רבי אבא אז ער פלעגט וועלין צדקה געבין פלעגט ער אזוי טאהן. ער האט איין גיבונדין דאס געלד אונ איין טיכיל אונ האט עס אונטער גיווארפין אויף דעם אורט וויא די ארומע לייט גייען אונ איז זעלבסט אוועק גיגאנגן. דאס ער אליין האט ניט גיוויסט וועליכער עני עס האט עס צו גינומין. דאס האט ער גיטאהן כדי דער עני זאל ניט מבויש ווערין: רבי חנינא האט זיך נוהג גיוועזין דאס אלי פרייטוג האט ער אפ גישוקט איין עני פיר גילדין. איין מאל האט ער די פיר גילדין אפ גישוקט מיט זיין ווייב. וויא דאס ווייב איז צוריק גיקומין אזו זאגט זיא ליבר מאן. פר וואס שוקסט דו דעם עני צדקה. ער דארף גאר קיין צדקה ניט. אזו זאגט רבי חנינא מיין ליב ווייב. וואס האסטו ביי דעם עני גיזעהן וואס דו זאגסט דאס ער דארף קיין צדקה ניט. זאגט דם ווייב איך האב גיהערט ווי דר עני האט זיין ווייב גיפרעגט. אויף וועליכן טישטוך וועלין מיר הייגט עסין צו אויף דעם זילבערנים אודער אויף דעם גילדענם. אזו זאגט רבי חנינא מיר דארפין די רמאים צו דאנקין. ווען עס זאל קיין רמאים ניט זיין. וואלטין מיר אלי טאג גיזונדיגט ווארין ווען דו האסט איין עני ביי דעם טיש דארפסטו אים געבין עסין אונ טרונקין דאס זעלבע וואס די עסט. ניט אזוי ווי דו עסט ווייס ברויט אונ דעם עני גיבסטו שווארץ ברויט אוך דארפסטו אים געבין איין גוט גילעגיר. ניט אזו ווי דו טוסט דו שלאפסט אונ אבעט אונ ער שלאפט אויף דער ערד:

מעשה מר עוקבא פלעגט צו שוקן אלי ערב יום כפור איין עני פיר הונדרט גולדין. איין מאל האט ער גישוקט דאס געלד אום ערב יום כפור דורך זיין זון. ווי דר זוהן איז צוריק גיקומן. אזו זאגט ער ליבער פאטר. דו דארפסט דעם עני מיין קיין געלד ניט צוא געבין. זאגט מר עוקבא מיין קינד וואס האסטו אזוינס ביי דעם עני גיזעהן וואס דו זאגסט אז ער דארף קיין צדקה ניט. זאגט ער. איך האב גיזעהן דם ער עסט גוטע מאכלים. מען

ראכט מיט גוטין אלטין וויין . אזו זאגט מר עוקבא ליב קינד . ווייל ער פירט זיך יוא אזו ערגנטליך ווייל ער איז איין מפונק . דרום וועל איך איהם דאס אנדערע מאל טאפל שיקן . ווי דר גוטער מר עוקבא האט געוואלט שטארבין . האט ער גיהייסין מען זאל אים ברענגין זיין בוך ער זאל וויסען ווי פיל צדקה ער האט צו טיילט . האט ער גיזעהן דאס ער האט צו טיילט זיבען טויזנד גולדין: אזו זאגט ער איך האב נאך וויניג ביי צערונג מיט צו נעמען ווייל איך גייא אונ איין ווייטין וועג אריין דרום מוז מען זיך נאך ביי צערונג מיט נעמין . אזו האט ער העלפט פון זיין פר מעגין צו טיילט ארומי לייט : אונזערי חכמים שרייבן דו מדות פון הקדוש ברוך הוא זענין פיל בעסיר ווי דו מדות פון מענטשין . אז עס קומט איין קרוב צוא איין מענטש . וויא באלד דער קרוב איז איין עושר איז ער אים מכבד מיט כל מיגליכקייט אונ אז עס קומט איין קרוב איין עני . אזוי זאגט ער דו ביסט גאר מיין קרוב ניט . איך האב פון דיר קיין מאל ניט גיהערט איך קאן דיך גאר ניט . אבער הקדוש ברוך הוא טוט ניט אזו . ווען מיר ישראל זענין שוין גאנץ ארום אונ שפל . זאגט הקדוש ברוך הוא צו אונז איהר זענט מייני קרובים . ווען איין ארומאן טוט תפלה צו הקדוש ברוך הוא נעמט ער איהם אהן פאר איין קרוב אונ הקב"ה טוט זיין בקשה . דרום זאל זיך יעדערער ביי העפטין אהן אזעלכי מדות . וועט אונז הקב"ה ביי שערמין פון אלים בייזן אונ וועט אונז ברענגין אונ דעם גן עדן אמן סלה:

# פרק שלישי

אין דעם פרק ווערט גיברענגט פון גמרות וואס עס אלס פאר האגדין צוא דרייא ערלייא זאכען . אפילו ווען עס גייט דעם מענטש גאר ניט זאל ער אויך אונ דעם מעיין זיין ווערט ער גיפונען דריי הונדערט זאכון . דריי ערלייא זאכען דער לענגערין דעם מענטש דאס לעבן . דאס ערשטעב איז ווער ליבער איז מתפלל בכוונה . דאס אנדערו איז ווער עס איז מאריך ביי דעם עסין ביי דעם טיש . דס דריטע איז . ווער עס זוצט לאנג אונ דעם בית הכסא . דריי ערלייא איז דא וואס יעדער דארף שטענדיג מתפלל זיין . א) אויף איין גוטען חלום . ב) אויף איין גוט יאהר . ג) אויף איין גוטען מלך : דריי ערליי זאכין איז דא וואס מען דארף אויף זיי ניט אכטונג געבין . א) איין חתן . ב) איין חולה . ג) איין כלה : דריי ערלייא זאכין איז דא וואס זיי ברענגין דעם מענטש דאס מען גידענקט אונ הימיל זיינע עבירות . א) וועלכער ער גייט פאר איין שלעכטע מויער אודער פאר איין אלט גיביא . ב) ווער עס טוט תפלה אונ ער שפארט זיך איין אז דו תפלה זאל דווקא אהן גינומען ווערין . ג) ווען זיין חבר טוט איהם שלעכטס אונ ער זאגט הקדוש ברוך הוא וועט זיך שוין פאר מיר אהן נעמין : דריי ערליי זאכין איז דא וואס זייא דער קערצין דעם מענטש דאס לעבין . א) אז מען רופט אויף איין מענטש צום ספר תורה אונ ער וויל ניט גיין . ב) ווען מען איז אים מכבד מיט איין כוס צוא בענטשן אונ ער וויל ניט נעמין . ג) וועלכור עס מאכט זיך אליין פאר איין חשוב : דרייא ערלייא זאכון רופט אויס הקב"ה אליין אין הימיל . א) ווען עס דארף חיז הונגער זיין . ב) ווען עס דארף זיין איין ברכה אויף דער וועלט . ג) ווען מען זאל האבין איין גוטין פרנס : דרייא ערלייא חלומות ווערין מקוים . א) ווען דער חלום איז פאר טאג . ב) ווען עס חלומת איהם אויף זיין חבר . ג) ווען אין דעם חלום ווערט באלד באשייד וואס דר חלום בייטייט : דרייא ערלייא זאכון ברענגין דעם מענטש צוא ארומקייט . א) וועלכער ער איז משתין נאקיט פר זיין בעהט . ב) וועלכער וואס וואשט זיך ניט דו הענד צום עסין . ג) ווען זיין ווייב שעלט איהם אונ ער הערט . דרייא ערלייא באשעפינישן איז דא וואס לענגער זייא לעבן ווערין זייא אלעם שטארקער . א) איין פיש . ב) איין שלאנג . ג) איין חזיר . דריי ערליי זאכון האט משה רבינו אליין גיטאן אונ הקב"ה האט דרויף מסכים גיוועהן . א) ווען

הקדוש ברוך הוא האט איהם גיזאגט אז נאך דרייא טעג זאל ער קומען דוא תורה מקבל
זיין. אונ ער האט אויס גיווארט נאך איין טאג. ב) וואס משה רבינו האט זיך פורש גיוועזן
פון זיין ווייב. ג) וואס ער האט צוא בראכין די לוחות: דרייא יאהר האבן בית שמאי אונ
בית הלל גיקריגט דער האט גיזאגט דיא הלכה זאל בלייבין ווי איך זאג אונ דער זאגט דיא
הלכה זאל בלייבין וויא איך זאג. ביז עס איז ארויס איין בת קול פון הימיל דאס זיי ביידע
זאגין נאמים תורה. דאך זאל די הלכה בלייבין אזוי וויא דוא בית הלל. דריי ערליי מענטשון
זעהן דאס גיהנם ניט. א) וועלכער עס איז איין גרויסער ארום מאן. ב) וועלכער איז שלאף
אויף חולי מעים. ג) וועלכער איז שולדיג אונ האט ניט צוא בייא צאלין. אטייל זאגין
וועלכער עס האט איין בייז ווייב: דרייא ערלייא מענטשין שטארבן פליצלונג. א) וועלכר
איז שלאף אויף חולי מעים. ב) וועלכי צוא קינד גייט. ג) וועלכור דוא געלי זיכט האט
דריי ערלייא זאכון איז דא וואס דער מענטש קאן זיך אהן זיי ביי גיין. א) אן כעס ב) אן
טרונקען ג) אן געלד אויב ער איז איין וותרן. אטייל זאגין אן שפילען: דריי ערלייא זאכין
איז דא וואס דאס לעבין איז ניט קיין לעבין. א) וועלכער עס מוז ווארטין ביז דעם חבר
שיקט איהם עסין. ב) וועמן זיין ווייב הערשט איבער איהם. ג) וועלכער עם לעבט מיט
יסורים. אטייל זאגין וועלכער עס האט ניט מעהר ווי איין העמד: דריי ערלייא זאכון דארף
מען תיכף איינם נאך דעם אנדערין צו טוהן. א) אז מען ברענגט איין קרבן. דארף מען דאס
קרבן תיכף נאך דער סמיכה שעכטין. ב) תיכף נאך דער ברכה גאל ישראל זאל מען שמונה
עשרה אהן הייבען. ג) תיכף נאך דיא הענד וואשען זאל מען ברכה זאגין: דריי ערלייא
זאכין האט הקב"ה באשאפען. ווען ער זאל עס ניט גיוועהן באשאפען וואלט ער עס גיבארפען
גייטיג צו זיין. א) איין מת זאל פאר שטונקון ווערין ווען נישט וואלט דער מענטש דאס
מת איביג בייא זיך גיהאלטין. ב) דער מענטש זאל זאהן מת פאר געסין ווען ניט וואלט
דער צער גרויס גיוועהן. ג) דיא תבואה זאל פולין ווען נוט וואלטון דוא עשירים אויף גיקופט
אלי תבואות ביז עס וואלט גיוועזן איין יקרות. טייל זאגין וואס עס איז דא איין מטבע
אויף דער וועלט. דרייא ערלייא זאכון איז דא וואס עס איז איין סכנה מען זאל צווישין
זיי אליין גיין. א) איין בוים. ב) אווינד. איין אשה. אטייל זאגין איין חזיר. אטייל זאגין
שלאנגין. ג) ווען איין מענטש גייט צווישין צוויי נקבות איז עס איין גרויסי סכנה ווארום
פאמער איז זוא ערשט איין נדה גיווארון קאהן דער מענטש חס ושלום שטארבין: דרייא
ערלייא זאכון זענון צוריק גיקומין אויף דעם זעלבין אורט וויא זענין צום ערשטון גיוועהן.
א) דיא ישראל זענין צוא ריק גיקומין פון מצרים אונ פון בבל. ב) דאס זולבער וואס דוא
ישראל האבן צוא גינומין אין מצרים איז צוריק גיקומען קיין מצרים. ג) דאס כתב פון דיא
לוחות זענין צוריק אונ הימיל אריין: דרייא מירין האט דאס גיהנם. א) אין דער מדבר.
ב) אונ ים. ג) אונ ירושלים: דריי ערלייא זאכון האט רבי ישמעאל בן רבי יוסי גיזאגט.
א) מיט דריי מענטשון זאלסטו קיין משפט נוט האבין. ווארין איינער וועט דיך דאזין אונ
צוויי וועלין עדות זאגין וועסט דוא גיווים פאר שפילין. ב) וועהן דוא האסט קיין געלד ניט
זאלסטו ניט פרעגין ווי טייער דיא סחורה איז. ג) האב איך ניט ארוים גישריבין: דרייא
ערלייא זאכין. האט רבי בר רבי יהודא גיזאגט. א) ער זאל אליין נוט גיין ביי נאכט. ב) ער
זאל ניט שטיין נאקיט פאר איין לעכט. ג) ער זאל ניט גיין אונ איין נייא באד אריין ווארין
עס איז איין סכנה עס קאהן זיך איין ברעכין: דרייא זאכון איז דא וואס מען טאר זיך
מיט זייא ניט רייצען. א) איין יונגער נכרי. ב) איין יונגער תלמיד. ג) איין שלאנג. ווארין
די אלע דרייא קענין באלד צו איין חשובות קומין וועלין זיי זיך אן דיר נוקם זיין: דריי
ערלייא זאכין האט רבי יוחנן גיזאגט וועגין די לייט פון ירושלים. א) ווען דיא גייסט אין איין
מלחמה ארויין זאלסט דיא גיין צום לעצט דארף דעם וועסטו קענין צום ערשטין אהיים גיין.

ב) דיא זאלסט חברותה מאכין מיט דעם וואס זיין מזל דינט איהם. ג) מאך דיין שבת וויא
אין דער וואכין כדי זאלסט ניט דארפן צוא מענטשין: דריי ערליי זאכין. האט רבי יהושע
בן לוי גיזאגט ווענין דוא לייט פון ירושלים. א) ווען דוא ווילסט עפיס טאהן זאלסטו
טאהן בשתיקה. ב) גיב ליבערש דיין טאכטער פר א משרת איידער זיא זאל אלט ווערן.
ג) גיב אכטונג אויף דיין ווייב תיכף נאך דער חתונה ווענין זנות. אויך ווענין דעם געלד וויא
פיל זיא נעמט ביא דיר. דריי מענטשין זענין זוכה צוא האבן עולם הבא. א) וועלכער עס
וואוינט אין ארץ ישראל. ב) וועלכער עס לאזט זיינע קינדער תורה לערנען. ג) וועלכער עס
לאזט איבער וויין פון זיין קידוש אודער פון הבדלה: דרייא מענטשין האבין פאר זוכט עולם
הבא אויף דער וועלט. אברהם. יצחק. יעקב: דרייא מענטשין האבין קיין יצר הרע ניט
גיהאט אברהם. יצחק. יעקב. אטייל זאגין אז דוד המלך אויך: דריי ערלייא ווערין גירופין
דעם נאמען פון הקדוש ברוך הוא. א) דוא צדיקים. ב) משיח. ג) ירושלים. דריי ערלייא
זאכין איז דא וואס דער מענטש ווערט פון זייא ניט ניצול. א) עבירות וואס דער מענטש
טוט. ב) דאס יעדער מענטש מיינט דאס זיין תפלה ווערט אן גינומען. ג) וואס דער
מענטש רעט לשון הרע: דרייא ערלייא זאכין איז דא וואס איינער איז ניט גלייך צום
אנדערין. דאס קול. אונ דאס גישטאלט. אונ דוא דעה. ווען דאס גישטאלט זאל ניט
זיין פר ענדערט. וואלט פיל עבירות געשעהן. יעדער וואלט גזאגט אויף איין פרעמדי אשת
דס איז זיין ווייב. דרום האט הקב"ה פר ענדערט דיא צורות. אויך ווען דוא דעות זאלין
גיוועזן זיין גלייך וואלט פיל גניבות גישעהן. ווארין יעדערר וואלט גוויסט וויא זיין חבר
האט בהאלטען דס געלד צו ביי האלטין: דריי ערליי מענטשין האט הקדוש ב"ה גיגעבין קפיצות
הארץ. דס מיינט מען אז אונ איין טאג האבין זייא גקאנט פיל אפ גיין. א) אליעזר דער
קנעכט פון אברהם אבינו. ב) אברהם אבינו. ג) יעקב אבינו: דרייא ערלייא זאכין
קומן פליצלונג. א) משיח. ב) איין מציאה. ג) איין עקרב (?) : דרייא זאכין זאל מען מיט
דער לינקער האנד פון זיך אפ שטוסין אונ מיט דער רעכטער האנד זאל מען צוריק צוא
זיך נעמין. א) דער יצר הרע. ווען איינער שטויסט פון זיך דעם יצר הרע צוא פיל אפ.
טוט ער ניט גלייך אזוי ווי מיר וועלין ווייטער שרייבין. ב) איין קינד. ג) זיין ווייב: דרייא
ערלייא זאכין זענין גיזאגט גיווארין ביא דיא נעגיל אפ שניידין. א) ווער עס פאר ברענט
דיא נעגיל דער הייסט איין חסיד. ב) ווער עס ביא האלט דוא נעגיל דער הייסט איין
צדיק. ג) ווער עס ווארפט אוועק דיא נעגיל דער הייסט איין רשע. דרייא ערלייא זאכין
האט הקדוש ברוך הוא אונז גיגעבן וועלכעס מיר באקומין זייא דורך יסורים. א) דיא תורה.
ב) ארץ ישראל. ג) עולם הבא. דרייא ערלייא זאכין רופט אוים הקדוש ברוך הוא. דעם
שבת אונ הימל. א) דער וואס זינדיגט ניט. ב) ווען איין עני גיפינט עפים אונ גיט עס
צוריק אפ. ג) איז ווען איין עושר גיט מעשר בשתיקה: דרייא האט הקדוש ברוך הוא ליב.
א) ווען ער איז ניט קיין רגזן. ב) ווער ער איז ניט קיין שיכור. ג) ווער עס איז איין
איינגיהאלטינער: דרייא האט הקדוש ברוך הוא פיינד א) וועלכער עס איז מיט זיין הארץ
פאלטש. ב) ווער עס ווייסט איין עדות אויף זיין חבר אונ זאגט ניט. ג) ווער עס ווערט
זיין חבר פון זנות אונ דר נאך זאגט ער אויף אים אליין עדות: דריי הייסט זייער לעבין קיין
לעבין ניט. א) וועלכער עס איז איין גרויסער בעל רחמן. ב) וועלכר איין רגזן איז. ג) וועלכער
איין מפונק איז. דרייא האבן זיך איינער מיט דעם אנדערין ליב. א) זענין דיא גרים.
ב) זענין דיא קנעכט. ג) זענין דיא ראבן: דרייא האבן זיך פיינד איינער דעם אנדערין.
א) זענגן דוא הונד. ב) זענין דוא אומה וואס הייסט חברין. דיא הינער. אטייל זאגין דאס
דוא זונות אויך. אטייל זאגין אז דוא תלמידי חכמים פון בבל אויך: דרייא אוצרות האט
יוסף הצדיק גימאכט אונ מצרים. דעם ערשטין אוצר האט קרח באקומין. דעם אנדערין
האט

האט אנטונינוס קיסר ביי קומן. דער דריטער אוצר איז נאך דא. ער איז אהן גיבריים פאר
דוא צדיקים לעתיד לבא: דרייא קולות גיוועז פון איין עק וועלט צוא דער אנדערע עק וועלט.
א) ווען דוא זון גייט אוים פון דעם הימיל. ב) דם ברומונג פון רוים. ג) דאס קול פון דער
נשמה ווען זיא שייד זיך אפ פון דעם גוף פון דעם מענטש. נאר דוא חכמים האבין דאס
קול פון דער נשמה מיט זייער תפלה מבטל גיוועזן: דרייא קרוינין זענין דא. א) פון דעם
מזבח דאס האט אהרן הכהן בייא קומין וייל ער איז איין כהן. ב) פון מלכות דיא קרוין
האט דוד המלך בייא קומין וואָרין ער איז איין מלך. ג) אונ פון דעם ארון דוא קרון איז
נאך דא דאס מיינט מען דוא קרון פון דער תורה. ווער עס לערונט תורה דער איז זוכה
צוא דער קרון. מיט דרייא זאכין איז גמילות חסד גרעסער דוא מצוה פון צדקה. א) צדקה
גייט נאר בייא עניים אבער גמילות חסד גייט אהן הן בייא עניים אונ הן בייא עשירים.
צדקה איז נאר בייא לעבידיגע אונ גמילות חסד איז הן בייא לעבידיגע אין הן בייא טוטע.
צדקה גייט נאר אהן מיט געלד. אונ גמילות חסד גייט אהן הן מיט געלד אונ הן מיט
דעם גוף: דרייא ערלייא ספרים ווערין גיעפענט אונ ראש השנה. א) פון צדיקים. ב) פון
רשעים. ג פון מיטיל מעסיגע מענטשין: דרייא שליסלין האט הקדוש ברוך הוא אליין אונ
זיין האנד. א) פון איין אשה ווען זוא גייט צום קינד. ב) פון רעגין. ג) פון תחית המתים.
דריי גוטע פרנסים זענין גיוועזן דאס מיינט מען שפייזערס. א) משה רבינו. ב) אהרן הכהן.
ג) מרים: דרייא האבין דיא זון שטיל שווייגין גימאכט. א) משה רבינו. ב) יהושע.
ג) נקדימון בן גוריון: דרייא מלכים האבין גיקיניגט איבער דער גאנצער וועלט: א) אחאב
בן עמרי. ב) נבוכדנצר. ג) אחשורוש: דרייא זאכין איז דא וואס הקדוש ברוך הוא וויינט
איבער זייא אלי טאג. א) ווער עס קאן לערנין אונ לערונט ניט. ב) ווער עס וויל לערנין
אונ קאן ניט. ג) איין פרנס איבער דעם קהל וואס ער האלט זיך בגאוה אומזונסט: דרייא
זאכין איז דא וואס דוא וועלט שטייט דרויף. א) איז דוא תורה. ב) דער זכות פון דוא
קרבנות. ג) איז גמילות חסד: דריי זאכין איז דא וואס אויף זייא שטייט דוא וועלט. א) איז
דין. ב) איז אמת. ג) איז שלום: דריי ערלייא זכותים איז דא וואס דער רעגין גייט דורך
דעם. דאס ערשטע איז דער זכות פון דער ערד. דאס אנדערע איז דער זכות פון חסד.
דאס דריטע איז דער זכות פון יסורים. דרייא סימנים האבין דוא ישראל אהן זיך. א) רחמנים;
ב) ביישנים. ג) גומלי חסדים. וועלכער האט אהן זיך דוא דרייא סימנים מאג מען זיך
אהן אים באהעפטין. אונ וועלכער עס האט ניט אהן זיך דיא סימנים דער איז ניט ווערט
מען זאל זיך מיט אים ביי העפטין: דריי זאכין איז דא וואס מען זאל זיך דר צו אפ געבין.
א) איז חליצה. ב) מען זאל מאכין שלום צווישין מענטשין. ג) מען זאל מפר נדרים זיין.
דרייא זאכין איז דא וואס מען זאל זיך פון זייא היטין. א) איין קליינע יתומה זאל מען ניט
פאר קנסין וואָרין אז זי וועט גרויס ווערין קאן זיא חרטה האבין. ב) מען זאל ניט נעמין קיין
פקדון צוא באהאלטין וואָרום טאמער ווערט עס פר לוירין אונ דער וועט עס וועלין אפ
נעמין. ג) מען זאל קיין ערב ניט זיין וואָרין טאמער וועט ער ניט צאלין וועט דער ערב
דארפין צוא צאלין: אין דרייא זאכין זאל מען גיווארונט זיין. א) מען זאל קיין סך ניט
זצין. וואָרין פון צוא פול זיצין קומט הי"ו חלשות. ב) מען זאל ניט צוא פיל שטיין וואָרין
עס קומט הארץ ווייטיג. ג) מען זאל ניט צוא פיל גיין וואָרין עס שאד צוא דיא איגין:
דרייא זאכין נעמין דעם מענטש אוועק דיא קרעפטין. א) דאס זארגין. ב) צוא פיל גיין.
ג) פון פיל עבירות: דרייא זאכין שאטין דעם מענטש צום גיזונד. א) וועלכער עס טוט
זיין צורך שטייענדיג. ב) וועלכער עס טרונקט שטייענדיג. ג) וועלכער עס האט מיט זיין ווייב
צוא טאן שטייענדיג. דרייא זאכין האבין בייא דעם מענטש חן. א) זיין דירה דאס ער
מיינט אז אויף דער גאנצער וועלט איז זיין דירה די שענסטע. ב) זיין ווייב. ער מיינט אז זיין

עייב איז די שענסטע אונ דער גאנצער וועלט . ג) וואס פאר איין כהורה דער מענטש קויפט מינט ער אז ער האט צום בעסטין גיקויפט . דרייא האבין שותפות אונ דעם מענטש . א) אין הקדוש ברוך הוא . ב) דער פאטער . ג) די מוטער. דרייא זאכין איז דא וואס מען מעג זאגין עקר . עס הייסט חאטשי מען האט זיך גיטאן מעג מען זאגין אז מען האט זייא ניט גיטאן . א) אז מען פרעגט דעם מענטש אויב ער האט דאס היינט גילערונט חאטשי ער האט עס יוא גילערנט זאל ער זאגין דאס ער האט עס ניט גילערנט . ווייל מען טאר זיך ניט בגאוה האלטין . ב) אז מען פרעגט דעם מענטש אויב ער האט היינט מיט זיין ווייב גיוואנט זאל ער זאגין ניין . ווייל דאס איז איין מדה פון צניעות . ג) אז מען פרעגט דעם מענטש אויב דער בעל הבית האט דיר גיט עסין אונ גיט טרונקין גיגעבין זאל ער זאגין ניין . ווארום אז ער וועט זאגין יוא . וועלין אלע אורחים צו דעם בעל הבית לויפין עסין . אזוי וועלין זייא דעם בעל הבית אונ גאנצין אויף עסין . דריי מענטשין איז דא וואס זיי גייען אין גיהנם אריין אונ זיי קומען שוין ניט צוריק . א) וועלכער עס ליגט ביי אפרעמדי אשה . ב) ווער עס איז איינעם מבייש פאר פרעמדי מענטשין . ג) ווער עס גיט איין מענטש איין צינאמען . אודער וועלכער עס האט שוין גיהאט אפילו דעם צינאמען נאר מען האט אים שוין איין לאנגע צייט דעם צינאמען ניט גירופין . אונ ער רופט אים איצינד דעם צינאמען . איז די עבירה גלייך ווי ער וואלט אים הערשט דעם צינאמען גיגעבין . דריי ערלייא זאכין איז דא וואס הקב"ה וויל פאר דעם דיזען מענטש יעדער צייט בצאלין . א) ווער עס נארט זיין חבר . ב) ווער עס גזילת ביי זיין חבר . ג) ווער די עבודה זרה דינט : דריי ערלייא זאכין איז דא וואס זיי שרייען אונ זייער גישריי ווערט ניט דער הערט . ווער עס לייעט אוועק זיין געלד אן עדות . ב) וועלכער עס שענקט זיין געלד אוועק זיין קינד ביי זיין לעבין . ג) וועלכער מענטש וואס זיין ווייב שאפט איבער אים : דריי ערליי זאכין ברענגען דעם מענטש צו פריא גראה זיין : א) קלייגע שיך . ב) אקליין בעט . ג) ווער עס האט מיט זיין ווייב צו פיל צו טאן : דריי מאהל אונ יעדען טאג גייט ארוים איין קול אונ הימל פאר הקב"ה . עס וואלט בעסער גיוועזן הקב"ה וואלט דעם מענטש ניט גיוועזן בשאפין ווייל ער האט אים יוא בשאפין זאל ער פרום זיין אונ זאל טאן דעם ווילין פון הקב"ה . דריי ערליי עבירות ווערין דעם מענטש ניט פארגעבין . א) ווער עס רעד קיינין די מדות פון הקב"ה . ב) ווער עס רעד מיט דעם מויל אונ מיט דעם הארץ איז עס פאלטש . ג) ווען איינער זעהט זיין חבר טוט איין עבירה . אונ דער נאך זאגט ער אויף אים איין עדות . דריי ערלייא עבירות איז דא וואס דער מענטש מוז גרוים תשובה טאן דאס דיא עבירות זאלין אפ גיטעקט ווערין . א) וועלכער ביוא אפרעמדע אשה ליגט . ב) וועלכער עס נעמט זיך כבוד דארך דעם בזיון פון זיין חבר . ג) ווער עס גיט זיין חבר איין צינאמין . אטייל זאגין ווער עס איז זיין חבר מבייש אפילו אונ דעם לערנען . דרייא ערליי עבירות איז דא וואס זיי ווערין קיין מאל ניט פאר געבין . אפילו אים יום כפור . אודער יסורים . אודער דער יום המיתה וואס אויף אנדערי עבירות איז דאס מכפר . אונ אויף די דריי עבירות איז דאס ניט מכפר . א) ווען איינער משפט פאלטש . ב) ווער עס ליגט ביי איין פרעמדי אשה . ג) ווער עס רעד לשון הרע . דרייא ערלייא זאכון האט הקב"ה פיינד א) ווער עס איז משתין אונ האלט באותו מקום . ב) ווער עס פירט זיך ניט מיט זיין ווייב בצניעות . אויף דעם זעלבין איז גיזאגט גיווארין . ער טוט מעשה בהמה . ג) ווער עס דער ציילט וואס ער רעט מיט זיין ווייב בשעת מעשה : דרייא זאכין איז דעם מענטש אסור צו זעהן . א) אונ עבודות אלילים . ב) אפרעמדי אשה . ג) דאס פנים פון איין רשע . דריי זאכין זאגען דא אז דער מענטש קוקט זייא אן ווערין אים זיינע אויגין טונקיל . א) ווער עס קוקט אונ איין רעגען בויגין . ב) וועלכער עס קוקט אונ פנים פון איין מת . ג) ווער עס קוקט אויף דאה הענד פון די כהנים ווען זיי דוכינען . דריי ערליי מענטשין ווערין גרא אין אלט פאר

דער

דער צייט . א) ווער עס וואכט אין דער היך דאס ער מוז גיין אויף אסאך שטעגן . ב) ווער עס האלט פיל הינער וויל ער מוז שטענדיג ארום זיי לויפין . ג) דער וואס זיינע ריר ווערן גיט אן גינומען. דריי לאכטע זאכין זענין דא . א) ווער עס זיצט אין זיין שווערס הויז . ב) ווען איין אורח פארבעהט דעם אנדערין . ג) די קלייאין פון דער תבואה . כלומער דו אלי דרייא זענען אונ מענטשינס אויגין איין נאר גיט : דריי זאכין האבין אונזערע חכמים גיזאגט . א) ווען איינער עסט מאגירע זאכין . אונ דער נאך פאר טרונקט ער גיט . אזוי הערט פון דעם עסין בלויז בלוט אויך קומט דער פון תולי מעיים . ב) ביי נאכט ווער עס עסט אונ טרונקט אונ לייגט זיך באלד שלאפין דאס ער גייט נית נאך דעם עסין אפילו קיין פיר איילין איז עס אום גיזונד . ג) ווער עס דארף זיין צורך צו טאהן . אונ ער האלט זיך אויף ביז ער וועט צום ערשטין אפ עסין . איז דאס אום גיזונד . עס איז גלייך ווי מען הייצט איין אויבין וועלכער איז פיל מיט אש , אהן זיך נית ברענין . אזוי ווער עס האלט זיך אויף מיט דעם צורך נאך דעם עסין קומט דער פון איין פאר שטונקידיג קול . דרייא ערלייא סכנות איז פאר האנדין ווען איינער גייט אין איין חורבה אריין . א) מען וועט אים חושד זיין אז ער האט דארטון איין זונה . ב) עס קאן איין פאלין . ג) וועגין מזיקים וואס מיט דרך הטבע האלטין זיי זיך דארטון . דרייא ערלייא ערטיר זענען דא וואס אונ דיא ערטער איז איינער דעם אנדערין אונ דעם נאגג גיט מכבד . א) איז איין שוהל . ב) איין בית הכסא . ג) אונ בית המרחץ . אטייל זאגין ווען מען גייט איבער איין ברוק אודער אונ איין אומפלעטיקין וועג איז מען זיך אויך גיט מכבד . דרייא ערליי זאכין זאל דער מענטש זיין חבר נית געבין צייטון מען פרלאנגט עס פון אים . א) ער זאל נית זאגין איך וויל דיר מיין טאכטער פאר איין ווייב געבין ב) ער זאל נית זאגין איך וויל מיט דיר לערנען . ג) ער זאל נית זאגין איך וועל דיר לייען געלד . דרייא ערלייא זאכין ברענגין דעם מענטש צו עשירות . א) וועלכער איז מתפלל בכוונה . ב) ווער עס האנדילט ערליך. ג) ווער עס ווערט פון זיין הויז גיזונד פאר שעמט . אטייל זאגין ווער עס איז קליג . דרייא ערלייא זאכין ברענגין אוועק דעם מענטש פון דער וועלט . א) איז עין הרע . ב) יצר הרע . ג) ווער עס האט מענטשין פיינד . דריי זאכין ברענגין אוועק דעם מענטש פון דער וועלט . א) ווער עס האט נית קיין שיך אויף זיין פיס . ב) ווער עס האט נית קיין קלייד אויף זיין לייב . ג) ווער עס נעכטיגט אויף דעם בית הקברות . איין טייל זאגין ווער עס צו רייסט זיין מלביש דורך כעס: דרייא ערלייא זאכין האבין אונזערע חכמים גיזאגט . א) ווער עס האט אונ זיך פיל בלוט . קומט אויך פיל בייזע גרונד . ב) ווער עס האט פיל גאל אונ זיך, ביי קומט אלע האנד פארבין אונ זיין פנים . ג) ווער עס האט פיל זרע אונ זיך . ביי קומט פיל צרעת . דריי קוואלין זענין דא אונ דעם מענטש וועלכעס זיי האבין קיין גרינד נית . א) איז דאס בלוט . ב) די גאל . ג) שכבת זרע . דריי ערליי זאכין האט דער מלאך סוריאל רבי ישמעאלין אן גיזאגט . א) אז מען גיט איינים איין כוס איין ברכה צו מאכין . זאל ער דעם כוס דעם זעלבין אפ געבין ביי דעם וואס ער האט דעם כוס גינומען . ב) מען זאל זיך נית לאזין די הענד וואשין נאר פון אזעלכין וואס ער האט שוין זיינע הענד גיוואשין . ג) אין דער פריא זאל מען נית נעמען פון דעם משרת דאס העמד אונ מען זאל עס אהן טאן ווייל עס איז איין סכנה . דריי ערלייא עבירות ווערין דעם מענטש נית פרגעבין . א) ווער עס ליגט ביי זיין ווייב ווען זיא איז איין נדה . ב) ווער עס עסט אויף איין ארט אונ בענטש אויף איין אנדער ארט . ג) ווער עס איז מכבד מיט דער חרפה פון זיין חבר . דרייא ערלייא מענטשין זענען גלייך איינער צום אנדערין . אונ זיי דארפין זיך איינער דעם אנדערין כבוד טאן . א) וועלכער עס איז איין ירא שמים . ב) ווער איין עושר איז . ג) ווער איין חכם איז . דריי האבין זיך פיינד איינם דאס אנדערי . א) די ווייבער . ב) די גראבע יונגין . ג) די קינדער : דריי ערליי זאכין דער פרייען דעם מענטש זיין הארץ . א) איין שיין

ניתאנג . ב) דער גישמאק פון בשמים . ג) רעטליכקייט : דרייא ערלייא קולות זענין זיס צוא דעם מענטש . א) דאס קול פון תורה . ב) דאס קול פון רעגין . ג) דאס קול פון געלד צייולין : דרייא ערלייא קולות הערט דר מענטש ניט גערין . א) דס קול פון קלייני קינדער : ט) דאס קול פון מייז . ג) דאס קול פון חזירים . אטייל זאגין . דאס קול פון דינערין . אונ דם קול פון אייזלין : דרייא ערלייא חלומות בייא מייטין שלום . א) איין בארג . ב) איין פויגיל . ג) איין טאפ : דרייא ערלייא זאכין זענין איין חלק פון עולם הבא . א) דער שבת . ב) דוא זון . ג) תשמיש המטה : דרייא חסידים זענין גיוועזן . א) רבי פנחס ווער עס זעהט אים אונ חלום ביי טייט אויף חכמה . ב) רבי אליעזר ווער עס זעהט אים אונ חלום בייא טייט אויף חסידות ג) רבי ישמעאל ווער עס זעהט אים אונ חלום ביי טייט אויף פרענעות : דרייא זאכין זענין דוא ישראל גיבאטין גיווארין ווען מען האט זייא גיבאטין זאלין קיין ארץ ישראל גיין . א) זייא זאלין איבער זיך איין מלך מאכין . ב) דאס פאלק פון עמלק מטית זיין . ג) זיי זאלין דאס בית המקדש בואין שיבנה במהרה בימינו אמן סלה :

# פרק רביעי

אין דעם פרק ווערט ביי שריבין צוא פיר ערלייא זאכין וואס זענין פאר דעם מענטש גוט . וועלכעם גיפינט זיך הונדערט צוויי אונ דרייסיג פינקטין : פיר זאכין איז דא וואס דער מענטש ווערט פון זייא שטארקער . א) דוא תורה . ב) מעשים טובים . ג) תפלה . ד) דרך ארץ : פיר ערלייא געלד איז דא . וואס עס איז קיין ברכה דראן ניט דא . א) וועלכער עס נעמט געלד פאר ספרים שרייבין . ב) וועלכער עס נעמט געלד ווייל ער איז מתורגמן וואס דער רב דרשינט . ג) וועלכער עס האלט יתומים״ס געלד אויף האלבי רווחים . ד) וואס מען האנדילט איבער דעם ים : פיר ערלייא זאכין איז דא וואס ווער עס טוט זייא איז חייב מיתה . א) ווער עס טוט זיין צורך צווישין איין בוים אונ צווישען איין וואנד . ב) ווער עס גייט צווישען בייטר . ג) ווער עס לייעט זיך וואסר פון זיין חבר צו טרונקען . ד) ווער עס גייט איבר איין וואסר וואס מען גיסט עס אויס פון דעם הויז : פיר זאכין האט רבינו הקדוש אן גיזאגט זייני קינדער . א) זייא זאלין ניט וואונין אונ דעם מקום וואס עס הייסט שכנציב ווייל זייא זענין בלויז לצים : ב) זייא זאלין זיך ניט זעצין אויף איין בעט פון איין נכרי . וועגין דער מעשה וואס עס האט זיך גיטראפין רבו פפא איז איין מאל גיגאנגין צו איין נכריה איין הוב מאנין . אזו זאגט דוא נכריה צוא רב פפא ער זאל זיך דער ווייל אנידער זעצין אויף איר בעט . אונ זיא וועט אים גיין פון קאמער דאס געלד ברענגין . ווייל רב פפא איז גיוועזן איין גרויסער למדן . האט ער גיוויסט אז עס איז איין סכנה זיך צו זעצין אויף איין בעט פון איין נכרי . דרום האט ער זיך ניט גיוואלט זעצין . אונ ער איז צוא גיגאנגין אונ האט אונטער גיהויבין דאס קישין פון דעם בעט . האט ער דער זעהן עס ליגט איין טויט קינד . איז רב פפא גיצול גיווארין פון איין בלבול ג) מען זאל ניט פאר האלטין צוא צאלין מכס . ווייל דער מוכסן וועט מיט איין מאל אפ נעמין פאר דער גאנצער צייט . ד) ווען דער אקס גייט פון דער פאשע זאל ער זיך ניט שטעלין קיגין אים ווייל עס איז איין סכנה . בפרט איין שווארציר אקס אונ חודש ניסן עס רוהט דר שטן צווישין זייני הערנער : פיר ערלייא זאכין זענין דא וואס דער מענטש קאן זייא ניט ליידין . א) איין ארומאן וואס איז בייא זיך שטאלץ . ב) איין עושר איין שקרן . ג) איין אלטער מאן וואס ער גייט נאך זנות . ד) איין אלטער מאן וואס האלט זיך שטאלץ קיגין דעם קהל אומזונסט . אטייל זאגין ווען איינער נעמט צוריק זיין ווייב וועלכם ער הט זיא שון צוויי מאל אפ גיגט . פיר זאכין הט הקדוש ב״ה חרטה אויף זייא . א) וואס ער האט ביי שאפין . דוא אומה כשדים . ב) דעם יצר הרע . ט ישמעאלין ד) אונ פר וואס ער הט אונז אונ גלות פאר טריבין . פיר זאכין איז

דָא וָואס דֶער מֶענְטְשׁ קָאן מִיט זַייא דֶעם גְזַר דִין מְבַטֵל זַיין · א) מִיט צְדָקָה · ב) מִיט תְּפִלָּה·
ג) וֶוען עֶר פַאר עֶנְדֶערְט זַיין נָאמֶען · ד) עֶר זָאל זִיךְ אָפּ טָאן אַזוֹ דוּא יֶעלעכְטִי מַעֲשִׂים·
אַטְייל זָאגִין מֶען זָאל מְשַׁנֶה מָקוֹם זַיין · פִיר עֶרְלַייא מְעֻבָּרוֹת זֶענִין גִיוֶוען אוּנ אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל
א) זֶענִין גִיוֶוען גְרוֹיסֶע לַייט · וֶוען זַייא הָאבִּין זִיךְ מְשַׁדֵךְ גִיוֶוען מִיט אֵיינִים הָאבִּין זַייא
גִיוָואלְט מֶען זָאל אָהן זֶעהֶן זַייעֶר גְרוֹיסְקֵייט · ב) זֶענִין גִיוֶוען גְרוֹיסֶע מְיוּחָסִים וֶוען זַייא
הָאבִּין זִיךְ מִיט אֵיינִים מְשַׁדֵךְ גִיוֶוען הָאבִּין זַייא גִיוָואלְט מֶען זָאל זַייעֶר יִחוּס אָן זֶעהֶן אִין
דוּא קִינְדֶער וֶוענִין גִיוֶוען גוּט אוּנ פְרוּם · ג) זֶענִין גִיוֶוען גְרוֹיסֶע עֲשִׁירִים וֶוען זַייא הָאבִּין
זִיךְ מִיט אֵיינִים מְשַׁדֵךְ גִיוֶוען · הָאבִּין זַיי גִיוָואלְט מֶען זָאל זַייעֶר עֲשִׁירוּת אָן זֶעהֶן · ד) זֶענִין
גִיוֶוען מִיטֶעל מֶעסִיגֶע אוּנ אָרוּמֶע מֶענְטְשִׁין · וֶוען זַייא הָאבִּין זִיךְ מִיט אֵיינִים מְשַׁדֵךְ גִיוֶוען
הָאבִּין זַייא גִיזָאגְט דָאס מֶען דַארְף אַיין וַוייב לְשֵׁם שָׁמַיִם נִיט פוּן גֶעלְד וֶועגִין · אוֹיךְ נִיט
וֶועגִין שׁוֹנְקֵייט : פִיר עֵינַע ווַייבֶּער זֶענִין גִיוֶוען אוֹיף דֶער וֶועלְט · שָׂרָה · רָחָב · אֲבִיגַיִל ·
אֶסְתֵּר : פִיר מֶענְטְשִׁין זֶענִין גִיגַאנְגִין אוּנ הִימֶיל אַרַיין · א) בֶּן עַזַאי · אָבֶּער וִויא עֶר הָאט
נָאר דֶער זֶעהֶן דִיא שְׁכִינָה אִיז עֶר בַּאלְד גִישְׁטָארְבִּין · ב) אִיז בֶּן זוֹמָא אַזוֹי וִוי עֶר הָאט
דוּא שְׁכִינָה דֶער זֶעהֶן אִיז עֶר מְשׁוּגָע גִיוָוארִין · ג) אִיז אַחֵר עֶר הָאט זִיךְ בַּאלְד מֵמִיר גִיוֶוען ·
ד) אִיז רַבִּי עֲקִיבָא · עֶר אִיז בְּשָׁלוֹם אַרוֹיף גִיקוּמֶין אוּנ הִימֶיל אַרַיין אוּנ אִיז בְּשָׁלוֹם צוּא רִיק
גִיקוּמֶען : פַאר פִיר זַאכִין בַּצָאהֶלְט מֶען דֶעם מֶענְטְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט , אוּנ דָאס קֶרֶן
בְּלַייבְּט אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט · א) וֶוער עֶס דִינְט עֲבוֹדַת אֱלִילִים · ב) וֶוער עֶס פִירְט
זְנוּת · ג) וֶוער עֶס טוּט רְצִיחוֹת · ד) וֶוער עֶס רֶעט לָשׁוֹן הָרַע : פִיר עֶרְלַייא כִּיתּוֹת
זֶענִין גִיוֶוען צְווִישִׁין דִי יוּדִין בַּייא דֶעם יַם וֶוען זֶענִין פוּן מִצְרַיִם אַרוֹיס גִיגַאנְגִין : א) הָאבִּין
גִיזָאגְט מֶען זָאל אוּנ יַם אַרַיין שְׁפְּרִינְגִין · ב) הָאבִּין גִיזָאגְט מֶען זָאל צוּרִיק גֵיין קֵיין מִצְרַיִם :
ג) הָאבִּין גִיזָאגְט מֶען זָאל מִלְחָמָה הַאלְטִין מִיט דוּא מִצְרִים : ד) הָאבִּין גִיזָאגְט מֶען זָאל הוֹיךְ
שְׁרַייעֶן וֶועלִין דוּא מִצְרִים מוֹרָא הָאבִּין וֶועלִין זַיי צוּרִיק גֵיין : פִיר פָאר פָאלְק זֶענִין גִיוֶוען · א) אָדָם
וְחַוָה · ב) אַבְרָהָם וְשָׂרָה · ג) יִצְחָק וְרִבְקָה · ד) יַעֲקֹב וְלֵאָה : פִיר עֶרְלַייא כִּיתּוֹת אִיז דָא וָואס זַיי וֶועלִין
דוּא שְׁכִינָה נִיט זֶעהֶן · א) דוּא שְׁפֶּעטֶערְס (לֵצִים) · ב) דוּא שַׁקְרָנִים · ג) וֶועלְכִי פִירִין חֲנִיפוֹת · ד) וֶועלְכִי
רֶעדִין לָשׁוֹן הָרַע : פִיר עֶרְלַייא זֶענִין גִיגְלֶעכְנְט אַזוֹי וִוי אַיין מֵת · א) אַיין עָנִי · ב) אַיין מְצוֹרָע · ג) אַיין
בְּלִינְדֶער · ד) וֶועלְכֶער עֶס הָט קֵיין קִינְדֶער נִיט : פִיר זֶענִין גִישְׁטָארְבִּין אָן עֲבֵירוֹת · נָאר וַוייל
יַעֶדֶער מוּז שְׁטַארְבִּין · א) בִּנְיָמִין בֶּן יַעֲקֹב · ב) עַמְרָם דֶר פָאטֶער פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ · ג) יִשַׁי דֶער
פָאטֶער פוּן דָוִד הַמֶלֶךְ · ד) כִּלְאָב בֶּן דָוִד : פִיר הֶדְיוֹטוֹת הָאבִּין נִיט קֵיין חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא ·
א) דֶער עֶרְשְׁטֶער בִּלְעָם · ב) דוֹאֵג · ג) אֲחִיתוֹפֶל · ד) גֵחֲזִי · אוֹיף פִיר עֶרְטֶער הָאט זִיךְ דִי
שְׁכִינָה צוּא דִי יִשְׂרָאֵל בַּייא ווַייזְן · א) אוּנ שִׁילֹה · ב) אוּנ נוֹב · ג) אוּנ גִבְעוֹן · ד) אִין בֵּית
הַמִקְדָשׁ : פִיר זַאכִין הָאט הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא פַיינְד וֶועלְכִים יֶעדֶער הָאט עֶס פַיינְד · א) וֶוער
עֶס קוּמְט אוּנ זַיין הוֹיז אַרַיין פְּלִיצְלִינְג מִכָּל שֶׁכֵּן אוּנ זַיין חֲבֵרִים הוֹיז אַרַיין · ב) וֶוער עֶס
אִיז מַשְׁתִּין אוּנ הַאלְט זִיךְ בְּאוֹתוֹ מָקוֹם · ג) וֶוער עֶס אִיז מַשְׁתִּין פַאר זַיין בֶּעט נַאקִיט ·
ד) וֶוער עֶס הָאט צוּא טָאן מִיט זַיין וַוייב פַאר אַיין בַּעַל חַי : פִיר עֶרְלַייא זַאכִין אִיז דָא וָואס
דוּרְךְ דֶעם גֶעלְד וֶוערְט דֶער מֶענְטְשׁ אָן דָאס שְׂרָרוֹת · א) וֶוער עֶס בַּייא הַאלְט גִיצָאלְטִי
וֶועקְסְלִין · ב) וֶוער עֶס נֶעמְט פְּרָאצֶענְט · ג) וֶוער עֶס זֶעהְט דָאס זַיין חָבֵר טוּט אַיין אוּמְרֶעכְטִי
זַאךְ · אוּנ זַיין חָבֵר וָואלְט אִים גִיהֶערְט נָאר עֶר זָאגְט אִים נִיט · ד) וֶוער עֶס זָאגְט צוּא צְדָקָה
צוּא גֶעבִּין אוּנ גִיט נִיט : פִיר עֶרְלַייא זַאכִין וֶוערְט דֶעם מֶענְטְשׁ גֶעלְד אַוֶועק גִינוּמֶין וָוס עֶר
הָאט דֶער פוּן קֵיין הֲנָאָה נִיט · א) וֶוער עֶס וִויל נִיט בַּייא צָאלִין דֶעם אַרְבִּיט מַאן פַאר זַיין
טָאג אַרְבִּיט · ב) וֶוער עֶס וִויל קֵיין מַס נִיט צָאלִין עֶר הֵייסְט דָאס זַיין חָבֵר זָאל פַאר אִים
בְּצָאלִין · ג) וֶוער עֶס הַאלְט זִיךְ שְׁטָאלְץ · ד) וֶוערְט גִירֶעכִינְט קֵיגִין דוּא אַלִי : פִיר עֶרְלַייא
זַאכִין הָאט אוּנְז דוּא תּוֹרָה גִיצַאסֶרְט אוּנ דָאס גְלַייכִין פוּן דִי פִיר זַאכִין הָאט אוּנְז דוּא תּוֹרָה

מתיר גיוועזן. א) איין אשת איש איז אונז אסור אקיינן איז יפת תואר מותר. ב) בלוט איז
אסור אקיינן לעבער איז מותר. ג) חזיר איז אסור אקיינן איז די צונג פון איין פיש האט
דעם זעלבן טעם וואס חזיר אונ עס איז מותר. ד) בשר בחלב איז אסור אקיינן איז
איטער פון א בהמה מותר: פיר ערלייא זאכין זענין פאר איין למדן ניט שיין. א) ווער עס
גייט אונטער איין אשה עס מאג זיין אפילו אונטער זיין אייגענע. ב) ווען ער לאכט אויף דעם
מארק. ג) וועלכער עס גייט ניט אונ שוהל אריין. ד) וועלכיר עס ביי העפט זיך צוא איין
עם הארץ: פיר ערלייא זאכין שטייען דעם למדן אן. א) דאס לערנין. ב) ווען ער קאן
א מלאכה. ג) ווען ער האלט עצות מיט זקנים. ד) ווען ער האלט זיך ניט גרויס. פיר זאכין
שטייען דעם מענטש ניט אן. א) ווען ער גייט מיאוס אן גיטאן. ב) וועלכיר עס האלט עצות
מיט קינדר. ג) וועלכיר עס רעט פיל מיט קינדער. ד) וועלכיר עס האלט זיך בגאוה: פיר
זאכין זענין בייזער איינס פון דעם אנדערין. א) ווען איינער האט הארץ ווייטאג איז ער
בייזער אלעם האט גוף ווייטאג. ב) ווען איינער האט מוח ווייטאג איז ער בייזיר אללעם
הארץ ווייטאג. ג) ווען איינער האט איין בייז ווייב איז דאס נאך ערגיר פון דוא ביידי.
ד) ווער עס האט קיין געלד ניט איז אים ערגיר נאך פר די דרייא: פיר ערלייא צורות זענין
אין דעם כסא הכבוד. א) צורה איז פון איין בן אדם דיא צורה איז פון יעקב אבינו ע״ה.
ווען דוא ישראל זינדיגין. אזוי קוקט הקדוש ברוך הוא אונ דער צורה פון יעקב אבינו אונ
ער זיך תיכף מרחם איבער דוא ישראל. ב) צורה איז פון איין לייב. אזוי באלד דוא ישראל
זינדוגין טוט דוא צורה פון דעם לייב שרייען גלייך ווי איין לייב אזוי איז זיך הקדוש ברוך
הוא מרחם איבער דוא ישראל. ג) צורה איז גלייך ווי איין אקס. וואס עס איז גלייך צוא
משיח בן יוסף. אז די יודין זינדוגין אונ אז הקב״ה קוקט אויף דעם אקס איז ער זיך תיכף
מרחם. ד) צורה איז איין אדלער וואס עס איז גלייך צוא אליהו הנביא. ווארין דער אדלער
שוועבט אוים דוא גאנצי וועלט אונ אליהו הנביא שוועבט אויך אוים דוא גאנצע וועלט.
אז דיא ישראל זינדיגין. אזוי קומט אליהו הנביא צוא שוועבין אונ מאכט איין קול גלייך וויא
איין אדלער איז זיך הקב״ה תיכף מרחם: פיר מענטשין זענין גישטארבין צו הונדערט אונ
צוואנציג יאר. א) רבי יוחנן בן זכאי, פערציג יאר האט ער גיהאנדילט. פערציג יאר האט
ער פאר זיך תורה גילערונט. אונ פערציג יאר האט ער מיט זייני תלמידים תורה גילערונט.
ב) איז משה רבינו. פערציג יאר איז ער גיוועזן אונ מדין. פערציג יאר איז ער גיוועזן מיט
דוא יודין אין דער מדבר. ג) איז הלל הזקן פערציג יאר איז ער אלט גיוועזן ווען ער איז
פון בבל צו ריק גיקומין. פערציג יאר האט ער תורה גילערונט פון שמעיה ואבטליון. פערציג
יאר האט ער מיט זייני תלמודים תורה גילערונט. ד) איז רבי עקיבא פערציג יאר איז ער
אלט גיוועזן ווען ער האט אן גיהויבין תורה לערנון. פערציג יאר האט ער תורה גילערונט.
אונ פערציג יאהר האט ער מיט זייני תלמודים תורה גילערונט: פיר ערלייא גרינגע עבירות
איז דא וואס עס קומט פון דוא שווערי עבירות א) ווען איינער האט בייא זיין חבר געלד
גיהאט האטשי ער האט בייא אים קיין פראצענט ניט גינומין. נאר דער נאך גידענקט ער
אים דאס ער האט אים איין טובה גיטאן דאס הייסט שוין אויך רבית. ב) ווען איינער
האנדילט מיט איין עובדי כוכבים ומזלות אין ער לויבט זיך. הייסט שוין גלייך ער וואלט
גידינט צוא דער עבודה זרה. ג) ווען איינער מאכט זיך פאר זיין חבר אז ער איז זיין גוטער
פריינד אונ דער צייט וואס ער האט פון אים גרויסי טובות. אונ דער נאך ווען זיין חבר
איז אונ איין צרה מאכט ער זיך גאר פרעמד דאס איז אויך איין עבירה. ד) איז לשון הרע ווען ער
רעט אויף זיין חבר דאס ער מיינט אז דאס הייסט ניט קיין לשון הרע. דאך איז עס גירעכונט
פאר לשון הרע: פיר ערלייא זאכין זענין גוט פר דעם מענטש ער זאל קיין חולי מעיים ניט האבין.
א) ווער עס עסט געוויינליך אום ווייטער אונ ווינטער ברויט מיט זאלץ. דס אנדערע ווער עס איז

געווארנט צו טרינקן אונ מיטן עסן. ג) מעהן זאל זיך ניט אויף האלטין דאס צורך צו טאן. ד) אז עס שמעקט דיך אן איין עסן זאלסטו עס אפ לאזין: פיר ערלייא זאכין איז דא וואס דער מענטש האט איין עונש אויף דער וועלט. אונ איין גרעסערין עונש האט ער אויף יענער וועלט. א) ווער עס קויפט זיך איין שיין פערד צום רייטין וואס ער האלט זיך דער מיט גרויס פאר מענטשין. ב) ווער עס הייסט זייני קנעכט זאלין פאר אים גלייך שטיין פאר מענטשין ג) ווער עס איז איין גרויסער עושר אונ ער טוט ניט קיין צדקה אונ ניט קיין גמילות חסדים אונ לערונט קיין תורה ניט. ד) ווער עס מאכט זיך פאר אחשוב צום מלך וואס מיט דער זאך איז ער דער ווידער דעם קהל. פיר ערלייא משלים האבין אונזערע חכמים גיזאגט. א) אזוי ווי מען קאן ניט איין זאק אויס וואשין ער זאל גאר קלאר זיין. אזוי קאן מען ניט צווישין די נאראנים קיין קליגהייט גיפינען. ב) אזוי ווי ביי איין אייזיל קאנין די צווייא ליטערס ניט גוף גיין אזוי ווייניג קאן מען גיפונען קליגהייט ביי דיא ווייבער. ג) אזוי ווייניג קען וואגען אשניר מיט אשוועגער. ד) אזוי ווי מען קאן ווייניג גיפונען איין ראב דאס זיא זאל אונ גאנצין ווייס זיין אזוי ווייניג קען מען גיפונען פרומע ווייבער. פיר זאכין האבין אונזערע חכמים גיזאגט. א) מען זאל מאכין שותפות מיט אזעלכין וואס זיין מזל גייט אים גוט. ב) ווען גיטע מענטשין געבין דיר איין עצה זאלסטו זייא פאלגין. ג) ווען עס גייט איינעם גוט זאל מען נוט זאגין אז עס גייט אים גיט. ד) יעדער זאל זעהן ער זאל קיין עבירות ניט טאהן וועט ער זוכה זיין דאס ער וועט האבין איין גוטין שכר בעולם הזה ובעולם הבא אמן:

# פרק חמישי

אין דעם פרק ווערט בשריבין צו פינעף ערלייא זאכין וואס עס גיפינט זיך וואס עס ביי שטייט אונ פיניף אונ זיבעציג פונקטין וואס עס איז פאר דעם זייער ניצליך. פינעף ערליי זאכין איז דא וואס דער שטארקער האט מורא פאר דעם שוואכין. א) עס איז פאר האנדין איין קליינע חיה וואס זיא הייסט מענע אז זיא הייבט אן צו שרייאן אזו האט דער לייב פאר איר מורא ב) עס איז דא איין קליין באשעפעניש וואס עס הייסט מאק. אז דם גייט אונ דעם העלפאנטס אדירין אריין אזוי האט דער העלפאנט מורא פאר איר. ג) עס איז פאר האנדין אקלייניר פויגיל ער הייסט סגינות אז ער קומט אינטער דעם אדלערס פליגיל האט דער אדלער פאר אים מורא. ד) איין קליין שרץ איז פאר האנדין אין וואסער עס הייסט כילבית אז עס קומט אונ לויתנס אויערין אריין אזוי האט דער לויתן פאר אים מורא. ה) איין שרץ איז דא וואס הייסט שממית אז דאס קומט אין עגדים אויערין אריין אזוי האט ער מורא פאר איר: פינעף ערליי זאכין האט רבי שמעון בן יוחאי אן גיזאגט לרבי עקיבא ווען מען האט אים תפיסה איין גיזעצט. א) אויב דו וועסט וועלין אז דייני פשטים זאלין אן גינומען ווערין אזוי זאלסטו זאגין דעם פון איין למדנ"ם וועגין אזו וועלין דייני פשטים גיוויס אן גינומען ווערין. ב) ווען דו וועסט דיין זוהן תורה לערנען זאלסטו מיט אים לערנען אין איין נייעם ספר, וואָרין אקינד אז עס לערינט תורה אונ איין נייא ספר לערונט ער מיט חשק. דרום וועט ער עס אזוי גיך גרויסע הייט ניט פאר געסין. ג) דו זאלסט ניט קאבין אונ איין טאפ וואס דיין חבר האט גיקאכט. כלומר דאס מיינט מען ווער עס גט זיין ווייב זאל ער ניט נעמען איין אשה וואס זיא האט זיך אויך גיגט. ווייל דער מאן לעבט נאך ד) דו זאלסט איין מצוה טאן וואס דורך דעם וועסטו איין נעושר ווערין דאס מיינט מען דו זאלסט איינעם געלד לייען אויף איין פעלד וואס דיין געלד איז שטענדיג קראנט אונ וועסט נעמען פירות וועסטו דער פון איין עושר ווערין. דאך וועסטו איין מצוה טאן ווייל יענער האט דאך דאס געלד נייטיג גיבארפין. ה) דו זאלסט איין מצוה טאן אונ דיין גוף זאל ריין בלייבין:

דאס מיינט מען דו זאלסט נעמען איין ווייב וואס דו קאנסט מיט איר קינדער האבין. פינעף
ערלייא זאכין האט כנען זייני קינדער אן גיזאגט. א) איר זאלט איינער דעם אנדערין ליב
האבין. ב) איר זאלט ליב האבין גזילות. ג) איר זאלט ליב האבין זנות. ד) איר זאלט פיינד
האבין אייער בעל הבית. ה) קיין אמת זאלט איר ניט רעדין: פינעף ערליי וואונדער איז
גיוועזן ביי דעם פייער פון מזבח. א) עס האט גיהירט ווי איין לייב. ב) עס איז גיוועזן אזוי
לויטער ווי די זוהן. ג) עס איז גיוועזן אזוי הארט אז מען האט דאס גיקאנט אן נעמען ווייא
א שטיין אודער ווי א האלץ. ד) עס איז אללעס ניט פאר לאשין גיווארין חאטשי מען האט
דרויף וואסער גיגאסין. ה) קיין רויך פון דעם פייער איז ניט גיגאנגין: פינף סימנים איז דא
ביי איין משוגענים הונד. א) דאס מויל האלט ער אפין. ב) דער גאוויר רונט אים פון מויל.
ג) די אויערין הענגין ביי אים אראפ. ד) דער וויידיל איז ארונטער. ה) ער גייט אויף די
זייטין פון די גאסין. אטייל מענטשין זאגין דאס ער בילט און מען הערט אים ניט. אטייל
זאגין אז דו מכשפות שפילין זיך מיט אים. אטייל זאגין אז איין רוח רע רוהט אויף אים:
פינף ערלייא זאכין זענען אונזערע עלטערין צו האנדין גיקומען און שבעה עשר בתמוז.
א) די לוחות זענין צו בראכין גיווארין. ב) דער קרבן תמיד איז בטל גיווארין. ג) די טאורין
פון ירושלים זענען צו שפאלטין גיווארין. ד) אפוסטמוס האט די ספרי תורות פאר ברענט.
ה) מנשה האט איין צלם און היכל ארויין גישטעלט. פינעף ערליי זאכין זאגען אום תשעה
באב אונזערע עלטערין צו האנדין גיקומען א) הקדוש ברוך הוא האט גוזר גיוועזן אויף דעם
דור המדבר דאס זיי זאלין קיין ארץ ישראל ניט קומען. ב) דאס ערשטע בית המקדש איז
און דעם טאג פאר ברענט גיווארין. ג) דאס אנדערע בית המקדש איז אויך דערנאך פאר
ברענט גיווארין. ד) די שטאט ביתר איז אויך אין דעם טאג חרוב גיווארין: פינעף ערלייא
זאכין זענין פאר דעם מענטש איין סכנה. א) וועלכער עסט שטייענדיג. ב) וועלכער שלאפט
שטייענדיג. ג) וועלכער עס טרינקט שטייענדיג. ד) וועלכער עס לאזט זיך בלוט שטייענדיג
ה) וועלכער עס האט מיט זיין ווייב צו טאהן שטייענדיג. פינעף שייני לייט זענען גיוועזן
וואס זיי האבין זיך גרויס גיהאלטין און זיי זענען מיט זייער שונקייט גישטראפט גיווארין.
א) שמשון הגבור. ב) שאול המלך. ג) אבשלום. ד) צדקיהו. ה) אסא המלך. פינעף
ערליי משפטים זענען גיוועזן וואס זיי האבין גידויערט צו צוועליף חדשים. א) דאס משפט
פון דור המבול. ב) דאס משפט פון מצרים. ג) דאס משפט פון איוב. ד) דאס משפט פון
גוג ומגוג. ה) דאס משפט פון די רשעים וואס זיי בלייבין און גיהנם אויף צוועליף חדשים.
פינעף ערלייא זאכין איז פאר האנדין וואס דער מענטש פאר געסט דורך דעם דאס לערנען.
א) ווען ער עסט פון דעם וואס דו מויז האט דער פון גיגעסין. ב) ווען ער עסט פון דעם
וואס דו קאץ האט דער פון גיגעסין. ג) וועלכער עס עסט דאס הארץ פון איין בהמה.
ד) ווער עס עסט דאס פסולת פון אייל בירטין. ה) ווער עס טרינקט דאס וואסער וואס זיין חבר
האט זיך און דעם די פיס גיוואשין. אטייל לייט זאגין ווער עס לייגט זייני קליידער אונטער
זיין קאפ: פינעף ערליי זאכין זענען דא וואס זיי זענען גוט פאר דעם מענטש צום לערנען.
א) ווען מען עסט ווייצין ברויט. ב) ווער עס עסט איין איי אן זאלץ. ג) וועלכער עס
טרונקט אסאך וויין. ד) ווער עס טרינקט דאס וואסער וואס עס איז איבער גיבליבין פון
דעם טייג קנעטין. ה) ווער עס עסט בוים אייל: פינעף ערלייא זאכין זענען פאר האנדין. וואס
ווער עס טוט זיי איז זיך אליין חייב מיתה. א) ווער עס עסט גישיילטין קנאבל אודער
גיקאכטע אייער וואס זענין גילעגין איבער נאכט. ב) ווער עס טרונקט דאס וואסער וואס עס
איז איבער נאכט ניט גיוועזן צו גידעקט. ג) ווער עס נעכטיקט אויף דעם בית הקברות.
ד) ווער עס ווארפט אוועק זייני נעגיל און מענטשין גייאין אריבער איבער זיי. ה) ווער
עס לאזט זיך בלוט און תיכף דער נאך האט ער מיט זיין ווייב צו טאן. פינעף ערלייא זאכין

זענען פאר האנדין וואס זיי זענען איין חלק פון איין זעכציגסט חלק פון אנדערע זאכין . א) דאס פייער איז איין זעכציגסט חלק פון דעם פייער פון גיהנם . ב) האניק איז איין זעכציגסט חלק גישמאק פון דעם מן . ג) דער שלאף איז א זעכציגסט חלק פון טויט . ד) אחלום איז איין זעכציגסט חלק פון איין נבואה . ה) שבת איז איין זעכציגסט חלק תענוג פון עולם הבא . פינעף ערליא זאכין איז ווייניגער גיוועזן אונ דעם אנדערין בית המקדש וויא אונ דעם ערשטין א) דאס פייער פון הימיל ב) די כרובים ג) דער ארון ד) דער רוח הקודש. ה) דער אורים ותומים . ה' יתן לנו במהרה בימינו אמן סלה :

# פרק ששי

אין דעם פרק ווערט בשריבין וואס עס גיפינט זיך צו זעקס ערליי זאכין וואס דאס ביי שטייט אכט אונ זיבעציג פונקטין . זעקס ערליי זאכין איז דא וואס דער מענטש האט שכר פאר זיי אויף דער וועלט אונ דאס מיינסטע האט ער דעם שכר אויף יענער וועלט . א) וועלכער עס איז מכבד אורחים מיט עסין אונ טרינקין אונ מיט גוטע רייד ב) ווער עס איז מבקר איין שלאפין מענטש ג) ווער עס איז מתפלל בכוונה ד) ווער עס גייט פריא אונ בית המדרש אריין לערנען ה) ווער עס לערנט זיין קינד תורה ו) ווער עס איז זיין חבר דן לכף זכות :
זעקס ערליי זאכין האט חזקיה גיטאן דרייא זאכין האט ער גלייך גיטאן אונ דריי זאכין האט ער ניט גלייך גיטאן . א) ער האט זיין פאטער גישלעפט צום קבר . ווייל ער איז גיוועזן איין רשע ער האט דאס גיטאן כדי מענטשין זאלין זעהן דעם סוף פון איין רשע . ב) וואס ער האט די קופערנע שלאנג צו שטויסין ווייל די ישראל האבין זיא גמאכט פאר איין גאט . ג) וואס ער האט בעהאלטין דעם ספר רפואות ווייל אז וועלכער מענטש איז שלאף גיווארין האט ער ניט מתפלל גיוועזן צו הקדוש ברוך הוא נאר ער האט זיך פאר לאזט אויף די רפואות . דאס זענען די דריי זאכין וואס ער האט גלייך גיטאן . אונ דאס זענען ווייטער די דרייא זאכין וואס ער האט ניט גלייך גיטאן . ד) ווס ער האט די טירין פון בית המקדש אפ גיהאקט אונ האט זיי גישיקט צום מלך אשור . ה) ער האט פאר שטאפט דאס וואסער וואס האט גיהייסין גיחון ווייל ער האט מורא גיהאט אז דער שונא וועט באלעגערין ירושלים זאל ער קיין וואסער ניט האבין . אבער ער האט זיך גידארפט פאר לאזין אויף השי"ת וואס הקב"ה האט גיזאגט ער וועט די שטאט ירושלים ביי שיצין . ו) ער האט גימאכט איין עבור : זעקס ערליי זאכין איז גיזאגט גיווארין ביי דעם פערד . א) ער האט ליב זנות . ב) ער גייט גערין אונ דער מלחמה אריין . ג) ער איז ביי זיך שטאלץ . ד) ער שלעפט ניט גערין . ה) ער עסט פיל אונ ער טוט ווייניג דעם צורך . ו) ער גייט גערין אויף די זייטין פון דעם וועג . אמייל זאגין אז דאס פערד ביי גערט זיין הער אים צו ברענגען אונ דער מלחמה . זעקס ערליי פייער איז דא . א) דאס פייער וואס מיר האבין דאס הייסט איין פייער וואס עס עסט אלדונג . דאס מיינט מען וואס עס פאלט אריין ווערט פאר ברענד נאר וואס קיין וואסער קאן עס ניט לייזין . ווי באלד מען גיסט ארויף וואסער אזוי ווערט דאס באלד פאר לאשין . ב) דאס פייער ברענט אבער עסט ניט דאס מיינט מען דאס פייער פון איין חולה . ער וויל נאר טרונקין עס זאל אים לעשין דאס פייער אבער עסין קאן ער ניט . ג) דאס פייער עסט אונ טרינקט דאס מיינט מען דאס פייער פון אליהו הנביא האטשי מען האט דרוף וואסער ארויף גיגאסין אונ עס איז ניט פאר לאשין גיווארין . ד) דאס פייער פון מזבח . דאס פייער האט פאר ברענט פאכטע זאכין גלייך ווי טריקעני זאכין . ה) דאס פייער האט אוועק גישטויסין אנדער פייער . דאס מיינט מען דעם מלאך גבריאל ער איז דאך לויטער פייער פון דעסט וועגין האט ער חנניה מישאל ועזריה ארויס גיהאלפין פון דעם קאליך אויבן . ו) דאס פייער [illegible] פאר ברענט אנדער פייער . ווען הקב"ה האט גיוואלט דעם [illegible] ביי [illegible] . אזוי

איז

איז איין כת מלאכים צו אים גיקומען אונ האבין גיזאגט רבונו של עולם פר וואס ווילסטו דם מענטש בייא שאפין. אזוי האט הקב"ה זיי אן גירירט מיט איין פינגער אזוי זענען זיי אלע פארברענט גיווארין. דם איז דאך איין גרוים חידוש ווארין מלאכים זענען בלויז פייער. דאך זענין זיי פאר ברענט גיווארין; פון דם פייער פון דר שכינה. זעקס חדשים האט די שכינה גיווארט אין דער מדבר פיליכט וועלין די ישראל תשובה טאן. אז זיי האבין קיינס ניט תשובה גיטאן אזוי האט זיי הקדוש ברוך הוא פאר שאלטין. זעקס ערלייא זאכין האבין אונ זיך דוא שדים. דרייא זאכין גלייך ווי מלאכים. אונ דרייא זאכין גלייך ווי דער מענטש. א) זיי האבין פליגיל גלייך ווי מלאכים. ב) זיי שוועבין פון איין עק וועלט צוא דער אנדערער עק וועלט גלייך ווי מלאכים. ג) זייא הערין אונ הימיל אוים רופין אללעם וואס עס דארף גישעהן. גלייך וויא מלאכים. ד) זייא עסין אונ טרונקען גלייך וויא דער מענטש. ה) זייא שטארבין גלייך וויא דער מענטש. ו) זיי האבין קינדער גלייך וויא איין מענטש: זעקס ערלייא זאכין האט אן זיך דער מענטש. דרייא זאכין גלייך וויא מלאכים. דרייא זאכין גלייך וויא איין בהמה. א) שכל האט דער מענטש ווי דער מלאך. ב) ער גייט צוא איין משפט וויא דער מלאך. ג) ער רעט לשון הקודש גלייך ווי דער מלאך. ד) ער עסט אונ טרונקט וויא דוא בהמה. ה) ער האט קינדער ווי דיא בהמה. ו) ער טוט זיין צורך וויא דוא בהמה: זעקס ערלייא זאכין זענין דא אז דער מענטש טוט זייא איינס נאך דעם אנדרין מוז ער שטארבין. א) אז ער קומט פון וועג. ב) אונ ער לאזט זיך תכף בלוט. ג) דער נאך גייט ער באלד אונ מרחץ אריין. ד) דער נאך טרונקט ער זיך אן. ה) דער נאך לייגט ער זיך באלד שלאפין. ו) דר נאך איז ער משמש המטה. דוא זעקס זאכין אז דער מענטש טוט מוז ער שטארבין: זעקס מענטשין האבין דעם מלאך המות ניט גיזעהן: א) אברהם אבינו. ב) יצחק. ג) יעקב. ד) משה רבינו. ה) אהרן הכהן. ו) מרים: זעקס ערלייא טרערין זענין פאר האנדין. דרייא ערלייא זענין גוט אונ דרייא ערלייא זענין בייזי. א) דוא טרערין פון וויינין. ב) דוא טרערין פון בית הכסא. ג) דוא טרערין פון דעם רויך. דאס זענין דוא בייזי טרערין. ד) דו טרערין פון קרייטוביץ. ה) דו טרערין פון גילעכטיר. ו) דוא טרערין פון דוא פירות. דאס זענין דוא גוטע טרערין: זעקס ערלייא מענטשין זענין דא דאס זייא ווילין בעסיר דעם טויט וויא דאס לעבין. א) דער מענטש וויל ליבער שטארבין אויף זיין בעט איידער ער זאל אום גיברענגט ווערין דורך איין מענטש. ב) דער מענטש וויל בעסיר שטארבין איידער דו קינדער זאלין אים שטארבין ביי זיין לעבין. ג) ער וויל ליבער דעם טוט איידער ער זאל פאר טרובין ווערין פון זיין ארט. ד) ער וויל בעסיר דעם טוט איידער ער זאל זוצין אונ דער פינסטער אונ דר ערד. ה) ער וויל ליבער דעם טויט איידער ער זאל מענטשין שולדיג זיין. ו) ער וויל ליבער שטארבין איידער ער זאל זיין לערנון פאר געסין. אטייל זאגין דער מענטש וויל ליבער שטארבין איידער זיין ווייב אונ קינדער זאלין אים געבין פרנסה: זעקס ערלייא זאכין האט רבינו הקדוש זייני קינדער אן גיזאגט. דרייא הייסין יראת חטא. אונ דרייא הייסין דרך ארץ. א) זייא זאלין זיך ניט שלאפין לייגין צייטין זיי וועלין קריאת שמע לייענין. ב) זייא זאלין נים צוא לעצט אונ שול אריין קומען. ג) שבת זאלין זיי ניט עסין צייטין זיי וועלין האבין דוא סדרה מעביר גיוועזן. דוא דרייא הייסין יראת חטא. ד) זייא זאלין ביי איין עסין ניט שניידין דאס פלייש מיט דוא הענד ווארין דאס איז איין סכנה ער קאן זיך דוא האנד צוא שניידין. ה) קיין סוד זאלין זיי ניט שמוסין אונטער איין מויער ווארין דו מויער האט אויך אויערין. דאס מיינט מען. עס קאן זיין אז ווער עס שטייט אונטער דער מויער וועט ער הערין וואס זיי שמוסין. ו) ווען זייא וועלין צוא איין וואסער קומן זאלין זייא זייערי שיך אן טאן. דוא דרייא הייסין דרך ארץ: זעקס ערלייא זאכין האט דער מלאך המות אן גיזאגט רבי יהושע

בֵּן לֵוִי · א) וֶוען עֶס אִיז חַיו אֵיין דָּבָר אוּנ אֵיין אוֹרְט זָאל מֶען נִיט גֵּיין אוּנ מִיט גַאס וָוארְן דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אִיז דָארְטִין דָא · ב) מֶען זָאל נִיט גֵּיין צְווִישִׁין דְוא וַוייבֶּער וֶוען זַייא גֵייעֶן צוּרִיק פוּן אֵיין מֵת · ווָארִין דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת טַאנְצְט אוּנ שְׁפְּרוּנְגְט דֶענְמָאלְט פַאר דוּ וַוייבִּיר אוּנ עֶר הַאלְט זַיין שַׁארְפִי שְׁווֶערְד אוּנ דֶר הַאנְד אוּנ עֶר הָאט רְשׁוּת דֶעם מֶענְטְשׁ שְׁלֶעכְטְס צוּ טָאן · ג) וֶוען מֶען קוּמְט צוּא אַשְׁלַאפִין זָאל מֶען זִיךְ נִיט זֶעצִין בַּיי דֶעם שְׁלַאפִין נִיט צוּ קָאפִּינְס אוּנ נִיט צוּ פִיסִינְס · וָוארוּם דוּ שְׁכִינָה אִיז בַּייא דֶעם שְׁלַאפִין צוּ קָאפִּינְס אוּנ דֶער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אִיז צוּ פִיסִינְס · ד) קֵיין פְרֶעמְדִי אִשָּׁה זָאל מֶען נִיט אָן קוּקִין · ה) וֶוען אַבְהֶמָה אָדֶער אַחְיָה פָארִין זִיךְ בֶּענַאנְד זָאל מֶען נִיט קוּקִין · ו) זֵיי זָאלִין נִיט קוּקִין אוֹיף קֵיין שֵׁיינִי קְלֵיידֶער פוּן אֵיין פְרֶעמְדִי אִשָּׁה · וָוארִין דֶר מַלְאַךְ הַמָּוֶת הָאט אַזוֹי גִיזָאגְט חָאטְשׁוּ דוּ הָאסְט אַזוֹ פִיל אוֹיגִין ווִי אִיךְ פוּן דֶעסְט וֶועגִין זָאלְסְטוּ זַיין גִיוָואדִינְט פַאר מִיר וָוארִין אַז אִיךְ קוּם צוּ אֵיין שְׁלַאפִין מֶענְטְשׁ בְּלַייבְּט עֶר גִיוִויס נִיט לֶעבִּין הַקָּדוֹשׁ ב״ה זָאל כָּל יִשְׂרָאֵל אָפּ הִיטִין דָאס קֵיינִיר זָאל נִיט שְׁטַארְבִּין פַאר זַיין צַייט אָמֵן סֶלָה׃

# פרק שביעי

אִין דֶעם פֶּרֶק וֶוערְט בַּייא שְׁרוּבִּין וָואס עֶס גִיפוּנְט זִיךְ צוּא זוּבִּין עֶרְלֵייא זַאכִין וָואס בַּייא שְׁטֵייט אוּנ אַכְט אוּנ נַיינְצִיג פִּינְקְטִין׃ זִיבִּין עֶרְלֵייא גַנָּבִים אִיז דָא · א) דֶער וָוס פְרֶעגְט זַיין חָבֵר אַזוֹי וָואס עֶר ווייסְט דָאס שׁוֹין פוּן לַאנְג · ב) דֶער וָואס בֶּעהְט זַיין חָבֵר צוּ זִיךְ אַלֶעס גַאסְט אוּנ זַיין הָאַרְץ אִיז נִיט דֶער בַּייא · ג) דֶער וָואס שֶׁענְקְט זַיין חָבֵר אֵיין מַתָּנָה אוּנ עֶר ווייסְט אַז דֶער חָבֵר וֶועט דוּא מַתָּנָה נִיט נֶעמִין · ד) אֵיין וַויין שֶׁענְקֶער אַז עֶר זָאגְט צוּם חָבֵר אִיךְ וֶועל דִיר דָאס צוּ לִיבּ טָאן אִיךְ וֶועל עֶפוּנִין אֵיין פְרִישׁ פַאס וַויין · דָס הֵייסְט שׁוֹין אֵיין גוֹנֵב דַעַת וָוארִין עֶר וֶועט גִיוִויס אָן אִים אוֹיךְ דָס פַאס עֶפִינוּן · ה) וֶוער עֶס נַארְט זַיין חָבֵר מִיט אֵיין פַאלְטְשִׁי מָאס · ו) וֶוער עֶס נַארְט זַיין חָבֵר מִיט פַאלְטְשִׁי וָואגִין ז) וֶוען דֶער וַויין שֶׁענְקֶער מִישְׁט צוּא צוּם וַויין אַנְדֶערִי מַשְׁקוֹת · אוּנְזֶערִי חֲכָמִים שְׁרַייבִּין וֶוער עֶס גַנֵבִית דוּא דֵיעָה פוּן מֶענְטְשִׁין אִיז גְלַייךְ ווִי עֶר גַנְבִית בַּיי הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא׃ זִיבִּין נֶעמִין הָאט דָאס גֵיהֶנָּם · א) שְׁאוֹל · ב) אֲבַדּוֹן · ג) בְּאֵר שַׁחַת · ד) בְּאֵר שָׁאוֹן · ה) טִיט הַיָּוֵן · ו) צַלְמָוֶת · ז) אֶרֶץ תַּחְתִּית׃ זוּבִּין עֶרְלֵייא זַאכִין זֶענִין בַּשַׁאפִין גִיוָוארִין נָאךְ אֵיידֶער דוּ וֶועלְט אִיז בַּיי שַׁאפִין גִיוָוארִין · א) דוּא תּוֹרָה · ב) תְּשׁוּבָה ג) דָאס גַן עֵדֶן · ד) דָס גֵיהֶנָּם · ה) כִּסֵּא הַכָּבוֹד · ו) דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ · ז) דֶער נָאמִין פוּן מָשִׁיחַ׃ זִיבִּין עֶרְלֵייא זַאכִין זֶענִין פַר הוֹילִין פוּן דֶעם מֶענְטְשׁ · א) דֶר טָאג פוּן טוֹט · ב) וֶוען מָשִׁיחַ וֶועט קוּמִין · ג) דָס מִשְׁפָּט פוּן דֶעם מֶענְטְשׁ לֶעָתִיד לָבֹא · ד) עֶר ווייסְט נִיט אוּנ וֶועלְכִיר סְחוֹרָה עֶר וֶועט מַרְוִויחַ זַיין · ה) עֶר ווייסְט נִיט זַיין חַבֵרִם דֵיעָה · ו) עֶר ווייסְט נִיט וֶוען דָוִד הַמֶּלֶךְ׳ס מְלוּכָה וֶועט קוּמִין · ז) עֶר ווייסְט נִיט וֶוען דוּ מְלוּכָה פוּן עֵשָׂו וֶועט וֶוערִין אַוֶועק גִינוּמִין׃ זִיבִּין זַאכִין הָט רַבִּי עֲקִיבָא אָן גִיזָאגְט זַיין זוּן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ · א) זָאלְסְט זִיךְ נִיט זֶעצִין לֶערְנִין אוֹיף אַזָא אוֹרְט וָואס גֵייעֶן פַאר בַּייא פִיל מֶענְטְשִׁין וָוארִין זַייא וֶועלִין דִיךְ מְבַטֵּל זַיין פוּן דֶעם לֶערְנֶען · ב) זָאלְסְט דִיךְ בַּייא זֶעצִין אוּנ אֵיין אוֹרְט ווִיא עֶס אִיז דָא אֵיין גְרוֹיסִיר תַּלְמִיד חָכָם וָוס דֶר מִישְׁט זִיךְ נִיט אוּנ שְׁוָאט זַאכִין נָאר עֶר זוּצְט אוּנ לֶערִינְט · ג) זָאלְסְט נִיט קוּמִין פְּלִיצְלוּנְג אוּנ דַיין הוֹיז אַרַיין בִּפְרַט נִיט אוּנ רַיין חַבֵרִם הוֹיז אַרַיין · ד) זָאלְסְט שְׁטֶענְדִיג גֵיין שִׁיךְ אוֹיף דַיינִי פִיס · ה) אוּנ דֶער פְרִיא זָאלְסְטוּ בַּאלְד עֶסִין · זוּמֶער אִיז דָאס גוּט צוּא דֶער הִיץ אוּנ ווִינְטֶער אִיז דָאס גוּט פַאר דֶער קֶעלְט · ו) דַיין שַׁבָּת מַאךְ אַזוֹי ווִיא אוּנ דֶער וָואכִין אוּנ זָאלְסְט נִיט דַארְפִין צוּא קֵיין מֶענְטְשִׁין · ז) זָאלְסְט שׁוּתָּפוּת מַאכִין מִיט אַזֶעלִיכִין וָואס גְלוּקְט אִים זַיין מַזָּל׃ זִיבִּין עֶרְלֵייא מֶענְטְשִׁין זֶענִין אוּנ חֵרֶם בַּיי הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא · א) וֶוער עֶס הָאט קֵיין וַוייבּ נִיט · ב) וֶוער עֶס הָאט מִיט דֶעם וַוייבּ קֵיין קִינְדֶער נִיט · אוּנ עֶר גוּט אִיר קֵיין

[...] ניט. ג) ווער עס לערינט מיט זיינע קינדער קיין תורה. ד) ווער עס לייגט ניט קיין תפילין. ה) ווער עס גייט אן ציצית. ו) ווער עס האט ניט קיין מזוזות אין זיינע טירן. ז) ווער עס גייט בארוויס. אפילו זאגין ווער עס גייט ניט אויף קיין סעודת מצוה: זיבין נעמין האט דער יצר הרע. א) הקדוש ברוך הוא רופט אים רע דס איז טייטש שלעכט. ב) משה רבינו רופט אים ערל. פאר שטאפט. ג) דוד המלך רופט אים טמא. אום ריין. ד) שלמה המלך רופט אים שונא ער האט פיינד דעם מענטש ה) ישעיה הנביא רופט אים מכשול. ער מאכט דעם מענטש שטרויכלין. ו) יחזקאל הנביא רופט אים אבן איין שטיין. ז) יואל הנביא רופט אים צפוני. ער בעהאלט זיך ביי דעם מענטש: זיבין ערלייא מענטשין איז דא וואס זיי מאכין זיך פאר דער וועלט אז זיי זענין פרום: א) די וואס מאכין זיך פרום כדי מען זאל זייא כבוד אן טאן. ב) דוא וואס מאכין זיך פרום פאר מענטשן היינו אויף דער גאס גייען זייא ווי חסידים זייא קוקין ניט אויף קיין נקבות אבער אונ דערין זענין זייא לויטער טומאה. ג) דו וואס גייען אויף דער גאס גאר וואלגי גלייך זייא זענין פאר קלערט אונ גוטע זאכין אבער אונ הארץ האבין זייא בייזי גידאנקין. ד) דוא וואס גייען אונ דער גאס גיבוקט כדי מען זאל מיינין זייא טוהן דאס פאר פרומקייט. אבער זייער הארץ ווייסט הקב״ה. ה) דו וואס לויבין זיך אליין פאר מענטשין זייא זאגין עס איז ניט דא איין מצוה אונ דער תורה וואס זיי האבין ניט מקיים גיוועזן. אבער דעם אמת ווייסט הקדוש ברוך הוא. ו) דו וואס זענין באמת פרום. נאר זייא טוען דאס ניט צו ליב הקדוש ב״ה נאר וואס זיי האבין מורא פאר דעם גיהנם. ז) דו אלי זיבין פרומע לייט זענין פאר גאר ניט גירעכינט. גירעכינט דוא וואס טוען דוא מצוה ווייל זייא האבין ליב הקדוש ברוך הוא דו ווערין גירעכונט פאר פרום: זיבין נביאים זענין גיוועזן בייא דוא אומות העולם. א) בלעם. ב) זיין פאטר בעור. ג) איוב. ד) אליפז התימני. ה) בלדד השוחי. ו) צופר הנעמתי. ז) אליהוא בן ברכיהו הבוזי. זיבין מענטשין האבין דו ווערים אונ קבר ניט אן גירורט. א) אברהם. ב) יצחק. ג) יעקב. ד) משה רבינו. ה) אהרן הכהן. ו) מרים. ז) בנימין בן יעקב. זיבין ימים רינגלין ארום ארץ ישראל. א) ים טבריה. ב) ים סדום. ג) ים חולת. ד) ים חולתא. ה) ים שבכי. ו) ים אספמיא. ז) ים הגדול: זיבין מצות זענין דוא בני נח גיבאטין גיווארין. א) זיי זאלין אמת משפטין. ב) יעדער צייט זאלין זייא הקדוש ברוך הוא לויבין מיט ברכות. ג) זייא זאלין קיין עכו״ם ניט דינין. ד) זייא זאלין ניט נאך גיין זנות. ה) זייא זאלין ניט טוען קיין רציחות. ו) זאלין ניט גזלן. ז) זיי זאלין ניט עסין פון איין בהמה וואס זיא לעבט נאך: זיבין זאכין ברענגין כעס אויף דער וועלט. א) לשון הרע. ב) רציחות. ג) פאלטשי שבועות. ד) זנות. ה) גוותנית. ו) מילה. ז) ווען עס לאזט פון זיך קיין הנאה ניט האבין: זיבין ערלייא זאכין ועט דער מלך המשיח צוא דוא ישראל ווייזין. א) דעם כסא הכבוד. ב) קרח מיט זייני קינדער אונ מיט זיין חברותה. ג) דאס גן עדן. ד) דעם עץ החיים. ה) דו אלע לעבידיגע מענטשין. ו) דוא סוטה. ובא לציון גואל אמן סלה:

# פרק שמיני

אין דעם פרק ווערט גישריבין אז יעדער זאל זעהן ער זאל קיין לשון הרע ניט ריידין ווארין דער עונש איז דער פון זייער גרויס. אונזערי חכמים שרייבין עס איז פאר האנדין עטליכי זאכין וואס דער מענטש איז אויף זיי יעדערן טאג עובר. איינס פון דיא זאכין איז לשון הרע וואס דער מענטש רעט יעדיר טאג. אונזערי חכמים שרייבין וועלכעס הייסט לשון הרע. ווען איינער פרעגט זיין חבר אויב אונ זיין הויז איז דא פייער אזוי זאגט אים דער חבר בייא מיר איז קיין פייער ניט דא. נאר גייא צוא מיין שכן בייא אים ווערט גיוויס ברעטין פייער ווארין יעדיר טאג קאכט מען בייא אים פלייש אונ פיש. דאס הייסט שוין

לשון

לשון הרע. נוא איר ליבע לייט דאס הייסט שוין לשון הרע. מכל שכן ווען אייניר רעט רעכט לשון הרע חיא גרויס דער עונש איז. אונזערי חכמים שרייבין צוא צייטין ווערט דער רעדין אויף גיהאלטין ווענין דעם חטא פון לשון הרע. דער וואס הערט צוא לשון הרע אזא ווערט מען זאל אים ווארפין פאר דוא כלבים. אוך ווער עס רעט לשון הרע איז גלייך ער וואלט זיך מימר גיוועין. דער עונש פון לשון הרע איז אז ער ווערט ח"ו מצורע. דער וואס רעט לשון הרע איז ווערט מען זאל אים פאר שטיינין אויף טויט. ווער עס רעט לשון הרע זאגט הקדוש ברוך הוא צום שר פון גיהנם. אויף דער וועלט וועל איך אים זיין עונש געבין. אונ אויף יענר וועלט זאלסטו אים זיין עונש געבין. אונזערי חכמים שרייבין ווער עס וויל דרויף תשובה טאן איז אזו. אוב ער איז איין למדן זאל ער תורה לערנין. אונ אויב ער איז ניט קיין למדן זאל ער זיך שטארק שפל האלטין וועט אים הקב"ה דו עבירה מוחל זיין. ווער עס רעט לשון הרע איז זיין עונש גרויס גלייך ער וואלט עובר גיוועין אויף דרייא עבירות. א) גלייך ער וואלט גידונט עכו"ם. ב) גלייך ער וואלט גילעגין בייא איין אשת איש. ג) גלייך ער וואלט רציחה גיטאן. אונזערי חכמים שרייבין. לשון הרע איז ממית דרייא ערלייא מענטשין. א) דער וואס רעט לשון הרע. ב) דער וואס הערט אוים. ג) אויף דעם וואס מען רעט לשון הרע צוא צייטין קאן דער פון רציחה ארויס קומין. מייל מאל מיינט דער מענטש אז דאס וואס ער רעט הייסט ניט קיין לשון הרע. אבער כפי אונזערי חכמים שרייבין איז דא פיל ערלייא לשון הרע. דרום דארף מען שטארק גיווארונט זיין:

מעשה איין מלך האט איין בפעל גיגעבין דאס דוא אלי יהודים וואס האנדלין מיט פלאקס זאלין קומין זייער דינסט טאן, אזוי זענין אלי גיקומין. נאר אייניר וואס האט גיהייסין בר חובץ איז ניט גיקומין. אזוי האט אים איינער גיוואלט פאר דעם מלך פאר מסירין. אז ער זאל אויך קומין צוא דער דינסט. נאר ער האט זיך גישעמט פאר דו יהודים אז ער זאל זיין איין מסור. אזוי האט ער זיין חבר גיפרעגט וואס האסטו היינט גיגעסין. האט אים דער חבר גיענטפערט איך האב גיגעסין קעז. דאס ווארט קעז איז אויף לשון קודש בר חובץ. וויא דער מלך האט דער הערט דאס ווארט בר חובץ. אזו האט זיך דער מלך דער מאנט אן דעם מענטש וואס ער הייסט בר חובץ אונ האט איין בייא פעל גיגעבין אז ער זאל קומין דוא דינסט טאן. דאס הייסט שון לשון הרע. ווארין ווען ער זאל ניט גיוועין פרעגין דעם חבר וואס ער האט גיגעסין וואלט אפשר דער מלך אן דעם יהודי גיוועין פאר געסין. דרום קער זיך יעדערור צו דער ווייטערין פון לשון הרע. אונ פון רכילות. אזו וועט אים וואול זיין בעולם הזה ובעולם הבא אמן סלה:

## פרק תשיעי

אין דעם פרק ווערט באשריבין ווי דער מענטש זאל אויף זיין חבר ניט האבין קיין קנאה שנאה אפילו צווישען מאן אונ ווייב. אזו וועט זייא גוט זיין:

מעשה איין מאל זענין גיגאנגין רב נחמנס בעל מלאכות אונ פעלד ארביין ארבעטין. האבין זייא גיהערט וויא אמענטש שרייט פון דער ערד ארוים. אזוי האבין דוא בעל מלאכות דאס דער צוילט פאר ר נחמן. אזוי איז דער גוטער רב נחמן גיגאנגין זעהן וואס דאס במייט. ווי רב נחמן איז צוא דעם אורט גיקומין אזו פרעגט ער דעם טויטין מענטש. ווער בימטו. אזו זאגט דער טויטער איך בין רב אחא בר יאשיה. ער איז גיוועין איין גרויסער למדן. דען מיר גיפונין וויא ער ווערט גיברענגט אונ דער גמרא. אזו זאגט רב נחמן עס וואונדערט מיך דאס דוא קאנסט נאך ריידין. ווארין עס שטייט דאך אז אפילו דו צדיקים אז זייא שטארבין ווערין זייא צוריק ערד אזוי וויא דער מענטש איז אונ אהן הייב גיוועין. אזוי זאגט דער רב אחא בר יאשיה. עס שטייט גישריבין נאר דו וואס האבין איטס אויף

עס

עס אנדערי קנאה שנאה דו ווערין צוריק צוא ערד. אבער איך האב מיין גאנץ לעבין קיין קנאה שנאה ניט גיהאט אויף קיינים. דרום בין איך ניט פאר פוילט גיווארין דער ווייל הט רב נחמן דער זעהן דאס דער רב אחא בר יאשיה איז אונ דער ערד נאך גאר פריש גלייך ער וואלט נאך גילעבט. אזוי זאגט ער צוא אים אז ביזט נאך יוא אזוי פריש קאנסטו נאך ריידין גלייך ווי אלי לעבדיגע מענטשין. קום מיט מיר אהיים וואס ליגסטו אונ דער פינסטערי ערד. אזוי זאגט דער רב אחא בר יאשיה צו אים מיר ווייזט אויס אז דו פאר שטייסט ניט דעם פסוק. עס שטייט דאך ווען תחיית המתים וועט זיין וועט הקדוש ברוך הוא רשות געבין אלי טויטע לייט זאלין ארויס גיין פון דער ערד. אונ צונד האב איך קיין רשות ניט פון דער ערד ארויס. דרום איר ליבע לייט קאן מען זעהן וויא גרויס דו מצוה איז ווען איינער האט קיין קנאה שנאה ניט. ווערט ער קיין מאהל ניט פר פוילט אונ קבר אונ איז פריש גלייך ווי אלעבדיגר: אונזערי חכמים שרייבין אפילו אז מען זעהט אז עס גייט ווע מין גאנץ גוט זאל מען אים ניט מקנא זיין. דער גלייכין אז מען זעהט דאס איינער האט גוטע קינדער טאר מען אים אויך ניט מקנא זיין. ווארין דאס וואס עס גייט וועלכין גוט איז ניט ווייל ער אודער זיינע עלטערין זענין פרום נאר ווייל זיין מזל איז אזו. דאס איז פאר האנדין מייל מענטשין וואס זייער מזל דינט זיי אויף דרייא זאכין היינו. א) ער זאל לאנג לעבין ב) ער זאל גוטע קינדער האבין. ג) ער זאל איין עושר זיין. דס דינט אים אללעס דם מזל.

מעשה עס איז גיוועזן צוויי גרויסי צדיקים. רבא. אונ רב חסדא. ווען מען הט גידארפט אמאל רעגין אז זיי האבין וועליכס מתפלל גיוועזן איז תיכף גיגאנגין רעגין. רב חסדא האט זיין מזל אים גידונגט צוא אלים. אונ רבא האט גאר ניט קיין מזל גיהאט. רב חסדא האט גילעבט זעכציג יאר אונ האט דער לעבט זעכציג חתונות פון דו קינדער אונ פון איניקליך. אונ רבא האט נאר גילעבט פערציג יאר אונ בייא זיין לעבן איז אים גישטארבין זעכציג קינדר מיט איינעקלעך רב חסדא איז גיוועזן איין גרויסער עושר דאס זייני הונט האבן קיין ווייצין ברויט ניט גיוואלט עסין. אונ רבא מיט זייני מענטשין האבן ניט גיהאט קיין גערשטין ברויט צו עסין ווייל ער איז גיוועזן איין גרויסער ארומאן פון דעסט וועגין האט רבא דעם רב חסדא ניט מקנא גיוועזן ווייל ער האט גיוווסט אז זיין מזל איז אזויא. ווען איינער זעהט אז זיין חבר איז שטארק חשוב ביי אלי מענטשין אונ ער איז פאר גאר ניט גירעכונט דורך זאל ער זיין חבר ניט מקנא זיין. נאר ער זאל זיך דער מאנן דאס אונ אקליינע צייט ארום וועלין זייא ביידי זיין לעולם הבא. וועט יענער אפשר גאר שפל זיין אונ ער וועט אפשר חשוב זיין:

מעשה רב יוסף דער זון פון יהושע בן לוי איז איין מאל חלשות גילעגין אז דער גאנצער עולם האט גימיינט אז ער איז שוין גישטארבין. מיט איין מאל האט זיך דער רב יוסף אויף גיהאפט ווארען ער איז גילעגן אונ דער הינער פלעט. אזוי פרעגט אים דער פאטער מיין קינד האסט עפיס גיזעהן נייעס אויף יענער וועלט זאגט ער צוא זיין פאטער. איך האב איין פאר קערטי וועלט גיזעהן. דוא וואס זענין אויף דער וועלט חשוב גיוועזן זענין אויף יענער וועלט שטארק שפל. אונ דו וואס זענין אוף דער וועלט שפל גיוועזן זענען אוף יענער וועלט חשוב. אזו זאגט אים דער פאטער מיין קינד דוא האסט איין רעכט וועלט גיזעהן. דרום זאל מען קיין שנאה אונ קנאה ניט האבן אויף קינים. ווארין אחוץ דעם וואס עס איז דער פאר אגרויסער עונש. נאר דם לעבן בקומט אים אויך ניט. ווארום ער עסט פון זיך אפ דם פלייש פר קנאה. אונזערי חכמים שרייבן וועלכער הייסט איין עני דער וואס איז שטענדיג בייז דאס מיינ״ ער האט אונ זיך קנאה ער האט קיין טאג אונ קיין נאכט ניט ער קלערט אללעס מורא טאמער האט זיין חבר עפיס מיין פאר אים:

מעשה עס זענין צווייא מענטשין צו זאמען גיגאנגין. איינער איז גיוועזן איין גרויסער

בעל

בעל קנאה דאס ער האט ניט כאר נוגין וואס יענער האט . אונ דער אנדערער איז גיוועזן איין חומד איין גלוסטער אלעס וואס יענער האט גיהאט האט ער דר צו גיגלוסט . אזו באגעגינט זייא איין מלך . אזו זאגט צו זיי דער מלך איינער פון אייך מאג מיר זאגין וואס ער פאר לאנגט אזו וועל איך אים געבין . אקייגין וועל איך דעם אנדערין נאך איין מאל אזוי פיל געבין וויא פיהל דעם ערשטין . דער בעל קנאה האט מורא גיהאט צו זאגין וואס ער פאר לאנגט וואריז דער חבר וועט דאך האבן מאפיל פאר אים אונ ער פאר גינט אים ניט דער אנדערער האט אויך ניט גיוואלט זאגין וואס ער פארלאנגט ווארין ער גליסט דאך ער זאל דעם חברס חלק אוך צו נעמין . וואס ער וועט פון דעם מלך נעמין . הכלל זיי האבין ביידי ניט גיקאנט גאר ניט פאר לאנגין דאך האט רער וואס האט צוא אלעס גיגלוסט גיזאגט ארוני מלך איך פאר לאנג פון דיר אז דו זאלסט מיר איין אויג אוים שטעכין אונ מיין חבר ביידי אויגין . קאן מען זעהן וויא ווייט דוא קנאה איז . ליבערש וואלט ער גיוועזן גיזאגט אז ער פאר לאנגט טוזונד גולדען וואלט דאך זיין חבר גיהאט צוויי טוזינד . נאר וויל ער האט זיין חבר ניט פאר גינען דרום האט ער זיך גיהייסן איין אויג אוים שטעכין . אונזערי חכמים שרייבין ווער עס האט קנאה שנאה דער קאן ח״ו עובר זיין אויף דוא עשרת הדברות . דרום זאל זיך יעדער מענטש באווארענין וויא גרוים דוא עבירה פון קנאה ושנאה איז וועט אים זיין וואול בעולם הזה ובעולם הבא אמן סלה :

# פרק עשירי

אין דעם פרק ווערט בשריבין דוא אלי צעהן ערלייא זאכין וואס זענין פאר דעם מענטש גוט וועלכעם זייא באשטייען אונ דרייא אונ זיבעציג פונקטין : צעהן ערלייא זאכען זענין אונ ערב שבת בשאפען גיווארין . א) דוא ברונען פון מרים הנביאה . ב) דער מן וואס איז אונ דער מדבר גיפאלין . ג) דער רעגין בויגין . ד) דאס כתב . ה) דוא מכתב . ו) די לוחות . ז) דאס קבר פון משה רבינו . ח) דו הייל וואס משה רבינו מיט אליהו הנביא זענין גיוועזן . ט) דאס מויל פון בלעם״ס איזיל . י) דס מויל פון דער ערד וואס האט די רשעים פון קרח איין גישלונגין : צעהן קללות איז חוה גישאלטין גיווארין . א) דוא נדה . ב) דוא בתולים . ג) דער צער פון דוא קינדער דער ציען . ד) צער פון טראגין . ה) צער פון קינדער האבין ו) דוא פרויא האט תשק צוא איר מאן ווען ער פארט אוועק . ז) אז דער מאן גיוועלטיגט איבער איר . ח) זיא גייט דעם קאפ צוא גידעקט אזוי וויא איין אבל . ט) זיא מוז שטענדיג אונ דער היים זוצין אזו וויא איינער וואס זוצט תפיסה . י) זיא איז גליך וויא איינער איז אונ חרם זיא טאר מיט קיין פרעמדין מענטש אליין ניט זיין : צעהן ערלייא זאכין זענין אויף דער וועלט גיגעבין גיווארין . א) צעהן מאס שונהייט זענין אויף דער וועלט ארוים . ניין מאס האט ירושלים צוא גינומען אונ איין מאס איז אויף דער גאנצער וועלט . ב) צעהן מאס חכמה איז ארוים אויף דער וועלט ניין מאס האט ארץ ישראל צוא גינומין . אונ איין מאס האט דוא גאנצע וועלט צו גינומען . ג) צעהן מאס עשירות איז אונ דער וועלט . ניין מאס האט רום צוא גינומין אונ איין מאס איז אויף דער גאנצער וועלט ד) צעהן מאס דלות איז אונ דער וועלט . ניין מאס האט בבל צוא גינומין אונ איין מאס איז אויף דער גאנצער וועלט : צעהן מאס גאוה איז אונ דער וועלט . ניין מאס האט דוא שמאט עילם צו גינומין . אונ איין מאס איז אויף דער גאנצר וועלט : צעהן מאס גבורה איז אונ דער וועלט . ניין מאס האבין דוא אומה פרסיים צוא גינומין . אונ איין מאס איז אויף דער גאנצער וועלט : ה) צעהן מאס כנים איז אויף דער וועלט . ניין מאס האבן דוא אומה מדין צוא גינומין . אונ איין מאס איז אויף דער גאנצער וועלט : ו) צעהן מאס צבעת איז ארוים אוף דר וועלט . ניין מאס האבין דוא חזירים צוא גינומין . אונ איין מאס דוא

גאנצי

גַאנְצִי וֶועלְט: ז) צֶעהֶן מָאס זְנוּת אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט. נַיין מָאס הָאבִּין צוּ גִינוּמִין דוּא
אוּמָּה עַרְבִים. אוּנ אַיין מָאס אִיז אוֹיף דֶר וֶועלְט: ח) צֶעהֶן מָאס עַזּוּת אִיז אוּף דֶער וֶועלְט.
נַיין מָאס הָאבִּין צוּא גִינוּמִין דִיא אוּמָּה מֵישָׁן. אוּנ אֵיינְס דוּא גַאנְצֶע וֶועלְט. ט) צֶעהֶן מָאס
שְׁלָאף אִיז אוּף דֶר וֶועלְט. נַיין מָאס הָאבִּין גִינוּמִין דִּי עֲבָדִים אוּנ אֵיינְס דִּי גַאנְצֶע וֶועלְט:
י) צֶעהֶן זַאכִין וֶוענִין פַאר הַאנְדִין אַז אֵיינְס אִיז הַארְטֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערִין. א) אַיין בַּארְג
אִיז הַארְט אוּנ אַייזִין קָאן דֶעם בַּארְג בַּייא קוּמֶען. ב) אַייזִין אִיז הַארְט. אוּנ פַייֶער קָאן
עֶס בַּייא קוּמֶען. ג) פַייֶער אִיז הַארְט אוּנ דָאס וַואסֶער קָאן עֶס בַּייא קוּמִין. ד) וַואסֶער
אִיז הַארְט אוּנ דֶער וָואלְקֶען קָאן עֶס דֶער טְרָאגִין. ה) דֶער וָואלְקֶען אִיז הַארְט אוּנ דֶער
וִוינְד קָאן אִיהְם פַאר טְרַייבִּין. ו) דֶער וִוינְד אִיז שְׁטַארְק אוּנ דֶער מֶענְטְשׁ קָאן אִים פַאר
לַיידִין. ז) דֶער מֶענְטְשׁ אִיז הַארְט אוּנ דוּא אַנְקְסְין צוּא בְּרֶעכִין אִים. ח) דוּא אַנְקְסְין זֶענִין
הַארְט אוּנ דֶער וַויין קָאן זַייא בַּייא קוּמֶען. ט) דֶער וַויין אִיז הַארְט אוּנ דֶער שְׁלָאף קָאן
אִים בַּייא קוּמֶען. י) דֶער שְׁלָאף אִיז הַארְט. אָבֶּער דֶער טוֹיט אִיז הַארְטֶער. דָאס דֶער טוֹיט
קֶען אַלֶּעס בַּייא קוּמִין אוּנ דָאךְ קָאן צְדָקָה דֶעם טוֹט בַּייא קוּמִין. עֶס שְׁטֵייט צְדָקָה
תַּצִּיל מִמָּוֶת: יא) צֶעהֶן עֶרְלֵייא זַאכִין זֶענֶען פַר הַאנְדִין. וֶוען זַייא גִיפוּנֶען זִיךְ נִיט אוּנ קֵיין
שְׁטָאט. פַאר אַיין תַּלְמִיד חָכָם אוּנ דֶער שְׁטָאט נִיט וואוֹנֶען. א) אַיין בֵּית דִין. ב) גַבָּאִים
וָואס זָאלִין גֵיין גֶעלְד צוּא נַאנְר נֶעמִין. ג) גַבָּאִים דָאס גֶעלְד צוּא טֵיילִין. ד) בֵּית
הַכְּנֶסֶת. ה) בֵּית הַמֶּרְחָץ. ו) בֵּית הַכִּסֵּא. ז) אַיין דָאקְטֶער. ח) אַיין בַּלְבִּירֶער. ט) אַיין
סוֹפֵר. י) אַיין מְלַמֵּד. רַבִּי עֲקִיבָא זָאגְט אוֹיךְ וִויא עֶס אִיז דָא גוּטֶע פֵּירוֹת אִיז גוּט צוּא
וואוֹנֶען. יב) צֶעהֶן עֶרְלֵייא זַאכִין זֶענִין נִיט גִיט צוּם לֶערְנִין א) וֶוען אֵיינֶער גֵייט אוּנְטֶער דֶר
צָאם פוּן דֶעם קֶעמִיל. אוּדֶער עֶר גֵייט אוּנְטֶער דֶעם קֶעמִיל זֶעלְבְּסְט. ב) וֶוער עֶס גֵייט
צְווִישִׁין צְווֵייא קֶעמְלִין. ג) וֶוער עֶס גֵייט צְווִישִׁין צְווֵייא וַוייבֶּער. ד) וֶוען אַיין אִשָּׁה מְעוּבֶּרֶת
גֵייט צְווִישִׁין צְווֵייא מַאנְס פַּרְשׁוֹינֶען. וֶוער עֶס גֵייט פַאר בַּייא אַיין נְבֵלָה. ו) וֶוער עֶס גֵייט
אוּנְטֶער אַיין בְּרִיק וָואס עֶס אִיז שׁוֹין פֶערְצִיג טָאג קֵיין וַואסֶער אוּנְטֶער אִיר נִיט דָא.
ז) וֶוער עֶס עֶסְט בְּרוֹיט וָואס עֶס אִיז נִיט רֶעכְט גִיבַּאקִין. ח) וֶוער עֶס עֶסְט פְלֵייש וָואס
עֶס אִיז נִיט גִישָׁאכְטְ. ט) וֶוער עֶס טְרוּנְקְט וַואסֶער וָואס עֶס לוֹיפְט דוּרְךְ דֶעם בֵּית הַקְּבָרוֹת.
י) וֶוער עֶס קוּקְט קֵייגִין אַיין מֵת אַטֵּייל זָאגִין וֶוער עֶס לֵייֶענְט דָאס כְּתָב פוּן דֶעם קֶבֶר:
יג) צֶעהֶן עֶרְלֵייא זַאכִין הָאט אַלֶכְּסַנְדֶער מוּקְדוֹן גִיפְרֶעגְט דִי זִקְנֵי הַנֶּגֶב וָואס זֵיי זֶענִין גְרוֹיסֶע
חֲכָמִים גִיוֶועזְן. א) אוֹיב פוּן אַיין עֶק וֶועלְט בִּיז דֶער אַנְדֶערֶע עֶק וֶועלְט אִיז וַוייטֶער וִוי פוּן
הִימִיל בִּיז צוּ דֶער עֶרְד. אַזוֹי הָאבֶּן זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט אַז פוּן אַיין עֶק וֶועלְט בִּיז דֶער אַנְדֶערֶע
עֶק אִיז וַוייטֶער. וָוארִין אַז דוּא זוּן שְׁטֵייט אִין מִזְרָח זַייט אָדֶער אִין מַעֲרָב זַייט. קָאן מֶען
אִין אִיר אַיין קוּקִין. אִין אַז זִיא שְׁטֵייט אִין מִיט הִימֶעל קָאן מֶען אִין אִיהְר נִיט אַיין קוּקֶען:
ב) אוֹב דֶר הִימֶעל אִיז צוּם עֶרְשְׁטִין בַּיי שַׁאפִין גִיוָוארִין אוּדֶער דִי עֶרְד צוּם עֶרְשְׁטִין. הָאבֶּן
זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט אַז דֶער הִימְמֶעל אִיז צוּם עֶרְשְׁטִין בַּאשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען. דֶען דֶער הִימְמֶעל
שְׁטֵייט פְרִיהֶער אִין דֶער תּוֹרָה. ג) אוֹב דִי לִיכְט אִיז פְרִיהֶער בַּאשַׁאפֶען גִיוָוארֶען אַלְס דֶער
חוֹשֶׁךְ. הָאבֶּן זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט דָאס קָאן מֶען נִיט עֶנְטְפֶערִין. ד) וֶועלְכֶער הֵייסְט אַיין חָכָם.
הָאבִּין זֵיי גִיעֶנְטְפֶערְט. דֶער מֶענְטְשׁ וָואס עֶר וִויל עֶפִּיס טָאן אִין עֶר בַּארֶעכִינְט זִיךְ פְרִיהֶער
וָואס דֶער פוּן קָאן אַרוֹיס קוּמֶען. ה) וֶועלְכֶער הֵייסְט אַיין גִּבּוֹר. הָאבֶּען זֵייא גִיעֶנְטְפֶערְט.
וֶוער עֶס בַּיי צְווִינְגְט דֶעם יֵצֶר הָרָע. ו) וֶועלְכֶער הֵייסְט אַיין עוֹשֶׁר. תְּשׁוּבָה. וֶוער עֶס
אִיז זִיךְ מְשַׂמֵּחַ בְּחֶלְקוֹ. ז) וָואס זָאל דֶער מֶענְטְשׁ טָאן. עֶר זָאל לֶעבֶּן. תְּשׁוּבָה. עֶר זָאל
זִיךְ מֵמִית זַיין אִיבֶּער דֶער תּוֹרָה אַזוֹי וֶועט עֶר הָאבִּין לֶעבִּין. ח) וָואס זָאל דֶער מֶענְטְשׁ טָאן
עֶר זָאל שְׁטַארְבִּין. תְּשׁוּבָה. אַז עֶר זָאל נִיט עֶסִין אוּנ טְרוּנְקֶען אוּנ זָאל נִיט תּוֹרָה לֶערְנֶען.
אַזוֹי וֶועט עֶר שְׁטַארְבִּין. ט) וָואס זָאל דֶער מֶענְטְשׁ טָאן אַז עֶר זָאל אָהְן גִינוּמִין וֶוערִין בַּיי

מענטשין. תשובה. ווען מען וועט אים וועלין מאכין פאר איין פרנס אודער פאר איין גבאי זאל ער ניט אן נעמין. אזוי וועט ער קיין שונאים ניט האבין. אזוי האט דער אלכסנדער מוקדן צו זיי גיזאגט איך ווייס איין עצה ער זאל יוא אן נעמין דאס גבאות נאר ער זאל זיך ניט גרוים האלטין ער זאל שטענדיג ארום גיין מיט מענטשין. אזוי וועלין אים ד׳א מענטשין ליב האבין. ט׳ צו איז בעסער צוא רייזין אויף דעם ים אודער צו זוצין אונ דער היים. תשובה. עס איז בעסער אונ דער היים צוא זוצין דען דוא וואס רייזין אויף דעם ים האבין גרוים מיא איידער זייא קומען צוריק אונ זייער לאנד. הקדוש ברוך הוא זאל כל ישראל געבין זייער פרנסה אונ זייער היים דאס מען זאל ניט דארפין צו רייזון אויף דעם ים אמן סלה:

# פרק אחד עשר

אין דעם פרק וועט מען גיפונען דו אלי שפריך ווערטער וואס שטיין אונ דער ליבער תורה: וואס עס איז גוט פאר דעם מענטש צוא דעם גוף אונ צו דער נשמה. אונ דורך דעם קאן ער זוכה זיין לעולם הבא:

עס איז דא אשפריך ווארט ווען דיין חבר רופט דיך איזיל; זאלסטו דיר אהן טאן דעם זאטיל. דס מיינט מען ווען דיין חבר טוט דיר אום רעכט זאלסט דיך אונ אים ניט נוקם זיין. אונ זאלסט אים אפילו ניט ענטפערין. אזוי וועסטו זוכה זיין צו פיהל גוטס. אזוי וויא מיר ברייגגין דא איין מעשה:

מעשה רב הונא בן רבי יהושע איז שלאף גיוואריז. אזו איז רב פפא צוא אים גינאנגן מבקר חולה זיין האט רב פפא גיזעהן אז רב הונא איז שטארק שלאף ער האלט שוין ביי שטארבין האט רב פפא גיהייסין מען זאל שוין דער וייל מאכין גרייט תכריכים. דער וייל איז דער גוטער רב הונא צוריק גיזונט גיווארין. האט זיך רב פפא גישעמט וייל ער האט גאר רב הונא דאס לעבין אפ גיזאגט. אזוי האט מען רב הונא גיפרעגט פאר וואס רב פפא האט אים זיין לעבין אפ גיזאגט. אזוי זאגט רב הונא עס איז רעכט. וייל אונ הימיל האט מען מיר אויך מיין לעבין אפ גיזאגט. נאר וייל איך האב מיך נוהג גיוועז. ווען איינער האט מיר שלעכטס גיטאן. האב איך מיך אן אים ניט נוקם גיוועזן. דרום האט מען מיר מיין לעבין אויף וייטער גישענקט. נוא איר ליבע לייט. קאנט איר פאר שטיין ווער דאס שפריך ווארט האלט. דער איז זוכה אז ער ווערט ניצול פון טויט אונ קאן זוכה זיין לעולם הבא. דאס אנדערי שפריך ווארט איז. עס איז פאר האנדין איין צייט דאס מען מוז זיך בוקין צוא איין פיקס חאטשי דער פיקס איז דער קלענסטער גירעכונט פון אלע חיות. דאס מיינט מען ווען איינער דארף צו זיין חבר איין טובה חאטשי זיין חבר איז אשלעכטער. פון דעסט וועגין זאל ער זיך מכניע זיין אונ זאל אים בעטין. וייל אצונדערט איז זיין צייט. ער קאן אנדערש ניט מאכין. דאס דריטע שפריך ווארט איז פון דער ברונען וואס האסט וואסער גיטרונקין זאלסטו קיין ערד ניט אריין ווארפין. דס מיינט מען פון דם ארט ווס דו האסט איין מאל טובה גיהאט זאלסטו אים קיין רעה ניט טאן. דאס פירדע שפריך ווארט איז. ביי אזעלכין וואס דאס ארומקייט איז גרעסער דעם שלעפט זיך דער דלות מיין נאך. וויא פאר צייטען האבען דוא יודין גיברענגט זייערע בכורים קיין ירושלים דוא עשירים האבען דוא פירות גיברענגט אונ גילדיגע אדער זילבערנע כלים. אונ דוא ארומע לייט האבען גיברענגט דוא פירות אונ הילצערנע כלים. דוא עשירים האבין צוריק אהיים גיפירט זייערי כלים זייא האבען גאר דוא פירות אוועק גיגעבין. אבער דו ארומע לייט האבין איבער גילאזט דו כלים ביי דוא כהנים. אונ ספר בן סירא שטייט אז דעם עני גייט נאך דאס עניות. למשל איין ארומאן האט איין הויז גיוויס איז דאס נידעריג ווארין ער האט דאך ניט קיין געלד ער זאל

מאכין

פאבין איין גרויס הויז. אונ אז דער עושר שטעלט לעבעדיג אים איין הויז שטעלט ער שוין איין גרויס הויז. נוא אז עס רעגינט אדער ווען עס גייט אשנייא. רונט אלץ אראפ פון דעם עושרס הויז אויף דעם קליינעם הייזיל וואס קער צום ארעמאן. אזוי איז דער ארעמאן פאר זארגט. אונ אפילו ווען איין ארעמאן האט איין ווייץ גארטין. האט ער אוף איין בארג וואס עס איז גיט מייער ווארין דער עושר קויפט זיך אונ דער נידער ער זאל ניט דארפין ארויף צוא פירען קיין מיסט. ווארין עס איז דאך שווער צו פירען אויף איין בארג. אונ אז דער ארעמאן ארבעט זיך שוין גוט אן אונ פירט אויף דעם בארג ארויף מיסט. קומט איין רעגין אונ יאגט אפ דאס מיסט אונ דער נידער וואס דער ווייץ גארטין קער צום עושר. פאר שפארט גאר דער עושר צו מיסטיקן. אזוי בלייבט דער עושר איין עושר אונ דער דלות בלייבט דלות. דאס פינפטע שפריך ווארט איז. שלמה האט גיזאגט דו פים פון דעם מענטש זענען ערבים אז זיי זאלין דעם מענטש ברענגין וואו עס איז אים פון גאט אויף גיליינט ער זאל דארטין שטארבין ווי מען וועט זעהן דו מעשה:

מעשה שלמה המלך האט גיהאט צוויי שרייבערס זיי זענען גיוועזן גאר שייני מענטשין. איינער האט גיהייסין אליחורף. אונ דער אנדערער האט גיהייסין אחיה. איין מאהל זעהט שלמה המלך דעם מלאך המות ווי ער איז זייער טרויריק. אזוי פרעגט ער אים פאר וואס ער איז היינט אזוי טרויעריג ווי אלע טאג. אזוי זאגט אים דער מלאך המות מען הייסט מיך איך זאל פון דיינע צוויי שיינע שרייבערס די נשמות צו נעמען. ווי שלמה המלך האט דאס גיהערט. אזוי האט ער גינומען די ביידי לייט אונ האט זיי איבער גיגעבין צו די שדים אז זיי זאלין זיי איבער פירין אונג דעם מקום וואס הייסט לוז. וואס אונ דער שטאט שטארבט קיינער ניט דער מלאך המות קומט ניט אהין ווי די צוויי לייט זענען נאר אהין גיקומען דעם טויער פון דער שטאט אויף דעם ארט האט דער מלאך המות צו זיי גיקאנט צו גיין זענען זייא תיכף גישטארבין. דעם אנדערין טאג זעהט שלמה המלך דעם מלאך המות דאס ער איז שטארק לוסטיג אזוי פרעגט ער אים. וואס ער איז אזוי לוסטיג. זאגט דער מלאך המות וואס זאל איך ניט לוסטיג זיין. ביז אהער האב איך דיינע צוויי שרייבערס ניט גיקאנט טאן ווייל זייער גזר דין איז ניט גיוועזן ביי דיר אין שטוב זייא זאלין שטארבין האב איך צו זיי קיין שליטה ניט גיהאט. אבער אז דו האסט זייא גישוקט אויף דעם ארט וויא זייער גזר דין איז זיי זאלין שטארבין. אזוי האב איך ביי זיי די נשמות צו גינומען. ווי שלמה המלך האט דאס גיהערט. זאגט שלמה המלך די פים פון דעם מענטש זענען ערבים דאס זיי מוזין אים פירין צו דעם אורט ווי דער גזר דין איז. דרום זאל זיך דער מענטש ניט מצער זיין ווען עס טרעפט אים חס ושלום איין צרה אויף דעם וועג וואס דאס איז אלעס פון גאט דער גזר דין איז אזוי. דאס זעקסטי שפריך ווארט איז דער דלות שטייט אן די יודין זייער שיין. זוי איין רויטע צום צו איין ווייס פערד. ווי מיר גיפונען אין דער גמרא הקב"ה האט ניט גיפונען פאר די ישראל קיין רפואה נאר דעם דלות. דענצמאלט ווערט דער מענטש נידעריג אונ פרום. אזוי ווי מיר גיפינען אז פאר צייטונס זענען די גרעסטע צדיקים גרויסע ענים גיוועזן וויא מיר ברענגען איין מעשה:

מעשה רבי אלעזר בן פדת איז גיוועזן איין גרויסער עני. איין מאל האט זיך דער גיטער רבי אלעזר מקיז דם גיוועזן אונ האט ניט גיהאט וואס ער זאל עפיס גוטס טועם זיין. אזוי האט ער גיפונען איין הייפטיל קנאביל האט ער דאס גיגעסין. האט ער גיחלישת. זענען צו אים די רבנים גיקומען מבקר חולה זיין. האבען זיי גיזעהן ווי ער וויינט אונ לאכט אונ איין פונק פייער גייט אים פון זיין פנים. ווי ער איז צו זיך צוריק גיקומען. האבין דוא רבנים אים גיפרעגט וואס דאס בטייט וואס ער האט גילאכט אונ גיוויינט אונ די פונק פייער וואס עס איז אים פון פנים. אזוי זאגט זיי רבי אלעזר איך האב די שכינה גיזעהן

נאזוי

אַזוי הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וִוי לַאנְג גָאךְ וֶועל אִיךְ מַיין צַייט אוּנ דַלוּת פַּאר בְּרֶענְגֶען. אַזוי זָאגְט הקב"ה אֶלְעָזָר מַיין קִינְד דַיין מַזָל אִיז דָאס. דוּ מוּזְט זַיין אַיין עָנִי. בִּאם דוּ ווִילְסְט דוּ וֶועלְט חָרוּב מַאכִין. קָאנְסְט דוּ אֶפְשָׁר הָאבִּין אַיין אַנְדֶער מַזָל. אַזוי הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גִיזָאגְט רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דוּ ווִילְסְט פַאר מַיינִיט וֶועגִין דוּ וֶועלְט חָרוּב מַאכִין. אוּנ דֶער נָאךְ אִיז עֶרְשְׁט אַסָפֵק אויבּ אִיךְ וֶועל אַיין גִיט מַזָל הָאבִּין. לָאז שׁוֹן לִיבֶּערְשׁ בְּלַייבִּין בַּייא דֶעם עֶרְשְׁטוֹן. אַזוי הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גִיפְרֶעגְט ווֶעלְכִי יָארִין זֶענֶען מֶער צוּ דִי וָואס אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אָפּ גִילֶעבְּט צוּ דוּ וָואס אִיךְ וֶועל נָאךְ לֶעבִּין. הָאט אִים הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא גִיזָאגְט דוּ יָארִין וָואס הָאסְט שׁוֹין גִילֶעבְּט זֶענֶען מַיין. אַזוי הָאט רַבִּי אֶלְעָזָר גִיזָאגְט וֶוען אִיךְ הָאבּ שׁוֹין עֶס מֵיינְסְט מַיינֶע יָארִין אָפּ גִילֶעבְּט. ווִיל אִיךְ נִיט אַז הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא זָאל דוּ וֶועלְט פַאר מַיינִיט וֶועגִין חָרוּב מַאכִין. אַזוי זָאגְט אִים הקב"ה. וַוייל דוּ ווִילְסְט נִיט אַז דוּרְךְ דִיר זָאל דוּ וֶועלְט חָרוּב וֶוערִין. דֶער פַר וֶועל אִיךְ דִיר גֶעבִּין לְעוֹלָם הַבָּא. דְרַייצִין בֶּעךְ מִיט בַּאלְסַאם אַייל דוּ זָאלְסְט דִיךְ אוּנ דֶעם בָּאדִין. אַזוי זָאגְט רַבִּי אֶלְעָזָר רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם מַיין וֶועסְטוּ מִיר נִיט גֶעבִּין נָאר דָאס. זָאגְט הקב"ה זָאלִין דַיינִי חֲבֵרִים נָאר נִיט הָאבִּין. זָאגְט רַבִּי אֶלְעָזָר בַּאגֶער אִיךְ דֶען פוּן אַזֶעלְכִין וָואס עֶר הָאט מַיין נִיט. דָאס מֵיינְט מֶען דוּ קָאנְסְט מִיר גִינוּג גֶעבִּין אוּנ דוּ הָאסְט פַאר מַיינִי חֲבֵרִים ס וֶועגִין אִיךְ אויךְ. אַזוי הָאט אִים דוּ שְׁכִינָה אַיין שְׁנֶעל גִינֶעבִּין אוּנ דֶעם פָּנִים אַז עֶס אִיז אַיין פוּנְק פַייֶער אַרוֹיס פוּן זַיין פָּנִים. גִיווַייזְט הָאט עֶר וַוייל עֶר הָאט גִיהֶערְט אַז עֶר הָאט שׁוֹין אָפּ גִילֶעבְּט עֶס מֵיינְסְט זַיינִי יָארִין. אוּנ גִילַאכְט הָאט עֶר וַוייל עֶר הָאט דוּ שְׁכִינָה גִיזֶעהְן. דְרוּם זָאל זִיךְ קֵיינֶער נִיט זָארְגִין וָואס עֶר הָאט דֶעם דַלוּת וַוייל זַיין מַזָל אִיז אַזוּ אַנְדֶערְשׁ קָאן נִיט וֶוערִין: דָאס זוּבֶּעגְטִי שְׁפְּרִיךְ וָוארְט אִיז. דָאס רַחֲמָנוּת פוּן אַיין פָאטֶער אִיז אוֹיף זַיין זוּן. אוּנ דָאס רַחֲמָנוּת פוּן דֶעם זוּן אִיז אויךְ אוֹיף זַיין זוּהְן. דָאס מֵיינְט מֶען אַיין פָאטֶער הָאט רַחֲמָנוּת אוֹיף זַיין זוּהְן. אָבֶּער דֶער זוּהְן הָאט נִיט קֵיין רַחֲמָנוּת אוֹיף זַיין פָאטֶער. אַזוי דֶער מֶענְטְשׁ אויךְ הָאטְשִׁי עֶר צַייט אָרָאפּ פוּן דֶער גְדוּלָה דָאךְ הָאט עֶר כָּבוֹד. אָבֶּער צוּ דֶעם גְרֶעסְטִין כָּבוֹד הָאבִּין מִיר נָאךְ צוּ דֶער וַוארְטִין אָמֵן סֶלָה:

# פרק שנים עשר

אִין דֶעם פֶּרֶק וֶוערְט גִיבְּרֶענְגְט דוּ אַלִי מִדוֹת וָואס דוּ מֶענְטְשִׁין הָאבִּין אוּנ זִיךְ וָוס דוּ מִדוֹת קוּמִין דוּרְךְ דוּ מַזָלוֹת פוּן הִימִיל. וֶועלְכֶער עֶס וֶוערְט גִיבּוֹרִין אוּם זוּנְטִיג דֶער אִיז אַיין רֶעכְטִיר צַדִיק אוֹדֶער אַיין רֶעכְטִיר רָשָׁע. וַוייל אוּנ זוּנְטִיג אִיז בַּשַׁאפִין גִיוָוארִין דוּ לֶעבְט מִיט דֶער פִינְצְטֶערְנִישׁ. דוּ לֶעכְט אִיז אַיין צַדִיק אוּנ דוּ פִינְצְטֶערְנִישׁ אִיז אַיין רָשָׁע. וֶועלְכֶער עֶס וֶוערְט גִיבּוֹירִין אוּם מָאנְטִיג דֶער אִיז אַיין רַגְזָן. וַוייל אוּם מָאנְטִיג הָט זִיךְ דָס וַואסֶער אָפּ גִיטֵיילְט פוּן דֶער וֶועלְט: וֶועלְכֶער עֶס וֶוערְט גִיבּוֹירִין אוּם דִינְסְטִיג דֶער אִיז אַיין עוֹשֶׁר. אוּנ אַיין זַנָאִי וַוייל אִים דִינְסְטִיג אִיז בַּשַׁאפִין גִיוָוארִין דוּ קְרַייטִיכְצֶער וָואס זֵיי וַואקְסִין פִיל. נָאר זֵיי וַואקְסִין פַאר מִישְׁט: וֶועלְכֶער עֶס וֶוערְט גִיבּוֹירִין אוּם מִיטְווָאךְ דֶער אִיז אַחָכָם וַוייל אִים מִיטְווָאךְ אִיז בֶּשַׁאפִין גִיוָוארִין דוּ לִיכְט וָואס זֵיא אִיז קְלָאר אוּנ לוֹטֶער: וֶועלְכֶער עֶס וֶוערְט גִיבּוֹירִין אוּם דָאנֶערְשְׁטִיג דֶער אִיז אַיין בַּעַל גְמִילוּת חֲסָדִים. וַוייל דֶענְמָאלְט אִיז בַּשַׁאפִין גִיוָוארִין דוּא פִישׁ אוּנ דוּ פֵייגִיל. וָואס זֵיי וֶוערִין גִישְׁפַּייזְט נָאר פוּן הַקָדוֹשׁ ב"ה פוּן בְּלוֹיז חֶסֶד: וֶועלְכֶער עֶס וֶוערְט גִיבּוֹירִין אוּם פְרַייטִיג דֶער אִיז מִיט בְּלוֹיז מִצְוֹת. וָוארִין דֶער סֵדֶר אִיז אוּנ פְרַייטִיג טוּט מֶען מִצְוֹת לְכָבוֹד שַׁבָּת: וֶועלְכֶער עֶס וֶוערְט גִיבּוֹירִין אוּם שַׁבָּת. דֶער שְׁטַארְבְּט אוּנ שַׁבָּת. וַוייל מֶען הָאט אִיבֶּער אִים מְחַלֵל שַׁבָּת גִיוֶועְן. וֶוען עֶר אִיז גִיבּוֹירִין גִיוָוארִין. אִיז זַיין עוֹנֶשׁ אַז עֶר זָאל שְׁטַארְבִּין אוּם שַׁבָּת: אַמִייל זָאגִין אַז וִויא אַזוי עֶס פִירְט זִיךְ מִיט דֶעם מֶענְטְשׁ. דָס בְּרֶענְגְט דָאס מַזָל פוּן דוּ שָׁעוֹת. עֶס אִיז פַר הַאנְדִין

און הימיל זיבען מזלות וואס יעדיר טאג גייט ארויס און איין אנדר מזל. אזוי ווי מיר שרייבען דא. ווער עס ווערט געבוירין אונ מזל חמה. דער איז איין ערליכער יוד. ער פאר לאנגט ניט קיין פרעמדס. אונ זייני עצות ווערין אהן גינומין וואהרין זייא זענין קלאר אזוי וויא די זון איז קלאר. ווען ער וויל אפילו איין גנב זיין האט ער דער צו קיין מזל ניט: וועלכער עס ווערט געבוירין אונ מזל כוכב נוגה. דער איז איין עושר אונ איין זנאי. ווייל דם איז פייער האט ער אונ זיך אויך פייער: וועלכער עס ווערט געבוירין אונ מזל כוכב. דער איז אהבם ווייל דאס מזל כוכב איז ניט ווייט פון דער זוהן איז עס קלאר אונ לויטער. אזו ווי די חכמה איז לויטער: וועלכער עס ווערט געבוירין אונ מזל לבנה. דער פאר געמט אלי שלעכטיקייט אז עס קומט אים פאר. אזו ווי דוא לבנה האט פאר נומין אז מען האט זיא פאר קלענערט. אויך ועט ער זיין לעבין פאר ברענגין ער וועט בויאין אונ איין ליגין. אזו ווי די לבנה דא ווערט זיא גרעסער אונ די ווערט זיא קלענער. אויך וועט ער מענטשין אום רעכט טאן אונ פון דעם וועט ער לעבין. אויך וועלין זיינע סודות ניט גיוואר ווערין. אינ אז ער וועט וועלין איין גנב זיין וועט ער דר צו מזל האבן: וועלכער עס ווערט געבוירין אונ מזל פון שבתאי. וואס ער וועט האבן במחשבה צו טאן וועט עס אלעס בטל ווערין: וועלכער עס ווערט געבוירין אונ מזל צדק. דער איז איין צדיק ער גייט נאך בלויז מצות: וועלכער ווערט געבוירין אונ מזל מאדים. דער מוז בלוט פאר גיסין. אודער ער איז אשוחט אודער איין קצב אודער איין בלבירר אודער איין גנב אודער איין מוהל:

# פרק שלשה עשר

אין דעם פרק ווערט גישריבין ווי דער מענטש זאל זיך אפ טאן פון גאוה. ווייל דער ענגש איז דער פון זייער גרוים. אונזערי חכמים שרייבין ווער עס איז איין בעל גאוה. איז גלייך ער וואלט זיך מטמא גיוועזן ח״ו אודער ער איז ווערט מען זאל אים צו שניידין אויף שטיקער. לסוף ווערט ער שטארק שפל ביי יעדערין. אויך דו בעל גאות שטיין קיין תחית המתים ניט אויף. אויך קלאגט די שכינה אויף זיי. הקדוש ברוך הוא זאגט דאס מיט זיי קאן ער צו זאמען אויף דר וועלט ניט זיין. ווען עס קומט אויף זיי אפילו איין קליינע צרה אזו גייען זייא באלד פון דער וועלט: פאר צייטין האבין דוא מענטשין פון זיך גאר ווייניג גיהאלטין:

מעשה רבי חנינא בן תרדיונ״ס טאכטער איז גיגאנגין אונ דער גאס האט זיא גיזעהן דוא חשובים פון רום. ווי זיא גייטן. האבן זיי גיזאגט אז זיא גייט מיט אביסעל גאוה. ווי זיא האט דאס גיהערט איז זיא נאך מיין מיט גאוה גיגאנגין. האט זיא הקדוש ברוך הוא גישטראפט מען האט זיא אונ תפיסה גיזעצט אונ איין הירין הויז. אונ רבי מאיר׳ס ווייב איז גיוועזן איהר שוועסטער. האט זיא זיך שטארק גישעמט אז איר שוועסטער זאל אונ איין הירין הויז זיין. אזו זאגט זיא איך וועל פרובין. באם מיין שוועסטער איז נאך ריין וועט מיר איין נס גישעהן איך וועל זיא ארויס נעמין. באם זיא איז שוין אום ריין וועט מיר קיין נס גישעהן. אזוי האט זיא מיט זיך מיט גינומען איין מעסטיל מיט דוקאטין אונ זיא האט זיך פר שטעלט פאר אמאנס פרשוין. אונ איז גיגאנגין אונ הירין הויז צו איר שוועסטער. אונ זיא זאגט צו איר. טוא מיר מיין ווילין. אזו זאגט זיא איך בין איצונד אנדה. אזו זאגט זיא איך וועל ווארטין ביז איר וועט פאר ביי גיין. אזו זאגט זיא נאך וואס זאלסטו אויף מיר ווארטין. עס איז דאך דא נאך פיל זונות וואס זיי זענין פיל שענער פאר מיר: ווי רבי מאיר׳ס ווייב האט דאס גיהערט האט זיא פאר שטאנין אז איר שוועסטיר איז נאך ריין. וואהרין אז זיא האט מיר גיזאגט אזעלכי אוים רייד. גיוויס האט זיא יעדערען אזו גיענטפערט דרום וועט מיר איין נס גישעהן. אזוי זאגט זיא צו דעם שומר וואס האט

אַבְטוּנג גִיגֶעבִּין אויף אִיר שְׁוֶועסְטֶער. נָא דִיר דָאס מֶעסְטִיל מִיט דוּקָאטִין אונ לָאז מַיין שְׁוֶועסְטֶער פְרֵייא. אַזוֹ זָאגְט אִיר דֶער שׁוֹמֵר. ווִי קָאן אִיךְ דָאס טָאהן. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא פַאר דֶעם מֶלֶךְ עֶר וֶועט גִיוָואר וֶוערִין. אַזוֹ זָאגְט זִיא צוּם שׁוֹמֵר אַז דֶער מֶלֶךְ וֶועט גִיוָואר וֶוערִין. קֶענְסְטוּ הֶעלְפְט דוּקָאטִין שׂוֹחַד גֶעבִּין וֶועסְטוּ גִיוִויס נִיצוֹל וֶוערִין. אונ דוּא אַנְדֶערִי הֶעלְפְט דוּקָאטִין וֶועסְט דוּ בּהַאלְטִין דִיר אַזוֹי וֶועסְטוּ אַיין עוֹשֶׁר זַיין. אַזוֹי זָאגְט דֶער שׁוֹמֵר צוּ אִיהר יוֹא מַיין לִיבֶּע פְרֵויא דַיין עֵצָה אִיז גוּט. וָואס וֶועל אִיךְ אָבֶּער טָאן אַז אִיךְ וֶועל מוּזִין דוּא גַאנְצֶע דוּקָאטִין אַוֶועק גֶעבִּין. אונ דֶער צוּא וֶועט מִיךְ נָאךְ דֶער מֶלֶךְ מֵמִית זַיין. אַ״י זָאגְט אִים רַבִּי מֵאִירס וַוייבּ. אִיךְ וֶועל דִיר דֶער צוּ גֶעבִּין אַיין רְפוּאָה. אונ דֶער מֶלֶךְ וֶועט דִיךְ וֶועלִין מֵמִית זַיין זָאלְסְטוּ אַזוֹ זָאגִין. אֱלָהָא דְמֵאִיר עֲנֵנָא אֱלָהָא דְמֵאִיר עֲנֵנָא דָאס אִיז טַייטְשׁ דֶער גָאט פוּן רַבִּי מֵאִיר זָאל דִיר עֶנְטְפֶערֶען. אַזוֹ וֶועסְטוּ גִוִויס נִיצוֹל וֶוערִין. אַזוֹ זָאגְט דֶער שׁוֹמֵר דוּ רְפוּאָה אִיז זֵייעֶר גוּט. אִיךְ ווַייס דָאךְ אָבֶּער נִיט אוֹיבּ דָאס אִיז אֱמֶת. אַזוֹ זָאגְט זִיא דוּא הָאסְט רֶעכְט. מַאךְ אַיין פְּרוּב. דָא אִיז דָא הוּנְד אַז מֶען צֶעפִּיט זֵייא אַזוֹי עֶסִין זֵייא אויף אַיין מֶענְטְשׁ. דְרוּם גֶעם אַיין שְׁטִיק עֶרְד אונ וַוארְף זֵייא אַזוֹי וֶועלִין זֵייא דִיךְ וֶועלִין צוּ רַייסִין. זָאלְסְטוּ זָאגִין דֶער גָאט פוּן רַבִּי מֵאִיר זָאל מִיר הֶעלְפֶען וֶועסְטוּ זֶעהֶן אַז דִיא הוּנְד וֶועלִין דִיר גָאר נִיט טָאהן. דֶער שׁוֹמֵר הָאט אַזוֹי גִיטָאהן. עֶר הָאט דוּ הוּנְד גִיוָוארְפִין אַשְׁטִיק עֶרְד. ווִיא זֵיי זֶענִין צוּ אִים צוּ גִילָאפִין אַזוֹ זָאגְט עֶר דֶער גָאט פוּן רַבִּי מֵאִיר זָאל מִיר הֶעלְפִין. אַזוֹי זֶענִין דוּ הוּנְד תֵּיכֶף פוּן אִים אַוֶועק גִיגַאנְגֶען. ווִי דֶער שׁוֹמֵר הָאט דָאס גִיזֶעהֶן הָאט עֶר צוּ גִינוּמֶען דָאס מֶעסְטִיל דוּקָאטִין. אונ הָאט אִיהר דוּ שְׁוֶועסְטֶער פְרֵייא גִילָאזְט. לְסוֹף אִיז דֶער קֵיזֶער דָס גִיוָואר גִיוָוארִין. הָאט עֶר דֶעם שׁוֹמֵר גִיהֵייסִין הֶענְגִין. ווִיא מֶען הָט אִים גִיפִירְט צוּא דֶער תְּלִיָה. הָאט דֶער שׁוֹמֵר גִיזָאגְט דֶער גָאט פוּן רַבִּי מֵאִיר זָאל מִיר הֶעלְפִין. אַזוֹי הָאט מֶען אִים גָאר נִיט גִיקָאנְט טָאן. אונ מֶען הָאט אִים פְרֵייא גִילָאזְט. נָאר זֵיי הָאבִּין אִים גִיפְרֶעגְט וָואס דָאס בַּטַייט וָואס מֶען קָאן אִים נִיט טָאן. הָאט עֶר זֵיי דֶער צֵיילְט. אַז רַבִּי מֵאִיר״ס ווַייבּ הָאט אִים אַזוֹ אויס גִילֶערְנְט. אַזוֹ הָאט דֶער מֶלֶךְ גִיהֵייסִין מֶען זָאל אָפּ מָאלִין דוּ צוּרָה פוּן רַבִּי מֵאִיר. אונ מֶען זָאל זִיא שְׁטֶעלִין אויף דֶעם טוֹיעֶר דָאס אִיז אַיין בַּאוֵוייז אַז וֶוער עֶס וֶועט זֶעהֶן רַבִּי מֵאִירִין זָאל אִים זֶעצִין אונ דֶער תְּפִיסָה. אַיין מָאל הָאבִּין אִים דוּא שׁוֹמְרִים דֶער זֶעהֶן. זֶענִין זֵיי אִיהם נָאךְ גִילָאפִין. וָואס טוּט הקב״ה הָאט אוֹרְט גִישְׁטֶעלְט אַיין הִירִין הוֹיז. אונ רַבִּי מֵאִיר אִיז אַרַיין אונ דֶעם הוֹיז. אַזוֹי הָאבִּין דוּ שׁוֹמְרִים גִיזָאגְט דָאס אִיז גִיוִויס נִיט רַבִּי מֵאִיר וָוארִין עֶר וָואלְט נִיט גִיגַאנְגִין אונ אַיין הִירִין הוֹיז. אַטֵייל לַייט זָאגִין אַז עֶס אִיז אִים אַזוֹ אַיין נֵס גִישֶׁעהִין אַז עֶס אִיז דָארְטֶען גִישְׁטַאנֶען מְרִיפָה עֶסִין הָאט עֶר אַיין פִינְגֶער אַיין גִיטוּנְקֶען. אונ דֶעם אַנְדֶערִין פִינְגֶער הָאט עֶר אִין מוֹיל גִינוּמֶען. הָאבִּין זֵייא גִימֵיינְט אַז עֶר הָאט טְרֵיפוֹת גִיגֶעסִין. מוּז דָאס נִיט זַיין רַבִּי מֵאִיר. אונ אַיין טֵייל זָאגֶען אַז אַיין נֵס אִיז אִים גִישֶׁעהֶן. אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא הָאט זִיךְ פַאר שְׁטֶעלְט פַאר אַיין זוֹנָה אונ אִיז אַרוּף גִיפַאלֶען דֶעם רַבִּי מֵאִיר אויף זַיין הַאלְז. הָאבֶּן דוּ שׁוֹמְרִים גִיזָאגְט אַז דָאס אִיז בְּוַודַּאי נִיט רַבִּי מֵאִיר אִיבֶּער דֶעם אִיז עֶר נִיצוֹל גִיוָוארִין אָבֶּער פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט עֶר גִימוּזְט אַנְטְלוֹיפִין אונ אַיין אַנְדֶער מְדִינָה אַרַיין נוֹא מַיינֶע לִיבֶּע לַייט קֶענְט אִיר זֶעהֶן וָואס דוּרְךְ גַּאֲוָה קֶען קוּמֶען. צוּ אַלֶעם אִיז אִיר גִישֶׁעהֶן ווַייל זִיא אִיז גִיגַאנְגִין מִיט גַּאוּת. אִיבֶּער דֶעם זָאל זִיךְ יֶעדֶער מֶענְטְשׁ אָפּ הִיטֶען פוּן גַּאֲוָה וֶועט עֶר אי״ה נִיצוֹל וֶוערִין פוּן אַלֶעס שְׁלֶעכְטְס אונ פוּן בִּיזִין. זֶעהְט נָאר אַז דוּ מִדָּה פוּן הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אִיז נִיט גְלַייךְ צוּ דֶער מִדָּה פוּן אַיין מֶענְטְשִׁין. וָוארוּן אַז אַמֶענְטְשׁ אִיז הוֹיךְ אונ חָשׁוּב אַזוֹי בַּאגֶעגְנְט עֶר זִיךְ מִיט אַיין אַנְדֶערִין חָשׁוּב אָבֶּער מִיט אַזוֹ אַמֶענְטְשׁ וָואס עֶר אִיז שָׁפָל אונ נִידֶערִיג שֶׁעמְט זִיךְ דֶער אִישׁ חָשׁוּב עֶר זָאל זִיךְ מִיט אִים שְׁטֶעלִין שְׁמוּסִין. אָבֶּער דוּא מִדָּה פוּן הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אִיז נִיט אַזוֹ

חָאטְשֶׁע עֶר אִיז וַויְטֶער הוֹיךְ פוּן רֶעסְט וֶועגְן זֶעהְט עֶר דוֹא נִידְרוּגֶע מֶענְטְשְׁן אוּנ דִי וָואס
זַיי זֶענִין שָׁפָל : אוּנְזֶערֵי הֵיילִיגֵי חֲכָמִים שְׁרַייבְּן וֶוען אֵיינֶער אִיז חָלִילָה מוֹצָא שֵׁם רַע אוֹיף
זַיין חָבֵר הֶעלְפְט נִיט קֵיין תְּשׁוּבָה . אוֹךְ זֶעהֶן מִיר וִוי גְרוֹיס דֶער מֶענְטְשׁ אִיז פַאר הַקָּדוֹשׁ
בָּרוּךְ הוּא אַז עֶר הַאלְט זִיךְ שָׁפָל . וָוארוּן וֶוען דָאס בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אִיז גִישְׁטַאנֶען אַז אֵיינֶער
דָאס גִיבְּרֶענְגְט אֵיין קָרְבָּן מִנְחָה הָאט אִים נָאט גִיגֶעבְּן שְׂכַר פַאר אֵיין מִנְחָה . אוּנ וֶוען אֵיינֶער
הָאט גִיבְּרֶענְגְט אֵיין קָרְבָּן עוֹלָה הָאט אִים גָאט גִיגֶעבְּן שְׂכַר פַאר אֵיין עוֹלָה . אָבֶּער הַיינְט
אַז מִיר הָאבְּן נִיט קֵיין בֵּית הַמִּקְדָּשׁ מַקְרִיב צוּ זַיין קָרְבָּנוֹת . אִיז דֶער מֶענְטְשׁ וָואס הַאלְט
זִיךְ שָׁפָל אִיז עֶר מְקַבֵּל שְׂכַר פוּן גָאט גְלַייךְ עֶר הָאט מַקְרִיב גִיוֶועזְן פִיל קָרְבָּנוֹת . אוּנ דֶער
וָואס עֶר הַאלְט זִיךְ שָׁפָל מַאכְט אִים גָאט גְרוֹיס אוּנ אָבֶּער דֶער וָואס עֶר הַאלְט זִיךְ גְרוֹיס
מַאכְט אִים גָאט שָׁפָל . אוּנ וֶועלְכֶער מֶענְטְשׁ עֶר ווִיל מִיט גִיוַואלְד זִיךְ נֶעמֶען גְדוּלָה גֵייט פוּן
אִים דִי גְדוּלָה אַוֶועק . אָבֶּער דֶער וָואס הָאפְּט נָאר נִיט אוֹיף גְדוּלָה צוּ דֶעם קוּמְט יוֹא
דוֹא גְדוּלָה . דָע"ר דֶער בֶּן אָדָם וָואס עֶר אִיז אֵיין בַּעַל גַאֲוָה . הָאבְּן אַפִילוּ זַיינֶע אֵיינִיגֶע
לַייט וָואס זַיי זֶענִין אוּנ זַיין הוֹיזְ קֵיין נַחַת נִיט פוּן אִים :

# פרק ארבעה עשר

אִין דִיזֶען פֶּרֶק וֶוערְט בַּייא שְׁטֵייד וִוי דֶער מֶענְטְשׁ זָאל לֶעבְּן נָאר מִיט בְּלוֹיז שָׁלוֹם אוּנ מִיט
אַהֲבָה וֶועט אִים זַיין גוּט אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט . אוּנְזֶערֵי חֲכָמִים
שְׁרַייבְּן אַז אוֹיף דְרַייא זַאכֶען שְׁטֵייט דוֹא וֶועלְט . אֵיינְס אִיז פוּן דוֹא דְרַיי זַאכֶען שָׁלוֹם .
מֶען דַארְף שָׁלוֹם הָאבְּן מִיט אַלִי לַייט אוּנ מִיט זַיין פְרוֹיא אוּנ קִינְדֶער אוּנ מִיט זַיינֶע קְרוֹבִים
אוּנ מִיט פְרֶעמְדֵי לַייט קֶער מֶען אוֹיךְ שָׁלוֹם צוּ הָאבְּן . אַזוֹ וִוי מִיר גִיפִינֶען אוּנ דֶער גְמָרָא
רַבִּי יוֹחָנָן בֶּן זַכַּאי הָאט מִיט אַלִי לַייט שָׁלוֹם גִיהַאט . וֶוען אַפִילוּ אֵיין נָכְרִי הָט אִים בַּאגֶעגְנְט
הָט עֶר מִיט אִים פְרוּר אָהן גִיהוֹיבִּין צוּ רֵיידֶען . דֶער וָואס עֶר הָאט שָׁלוֹם מִיט אִיטְלֶעכְן
אִיז עֶר אָהן גִינוּמִין אִין אִיז חָשׁוּב אוּנ דוּ אוֹיגִין פוּן מֶענְטְשִׁין אִין אוּנ דִי אוֹיגִין פוּן הַשֵּׁי"ת .
אַזוֹ וִוי מִיר גִיפִינֶען אוּנ דֶער גְמָרָא . וִוי מֶען דַארְף אִיטְלֶעכִין בִּכְבוֹד הַאלְטֶען אוּנ מִיט
שָׁלוֹם לֶעבִּין . עֶס שְׁטֵייט גִישְׁרוּבִּין פַאר וָואס אִיז דֶער מֶענְטְשׁ אַלֵיין בַּשַׁאפֶען גִיוָוארִין .
אַלִי זַאכֶען הָאט גָאט אוֹיף אֵיין מָאל בַּאשַׁאפֶען . אוּנ דֶער מֶענְטְשׁ אִיז נָאר אֵיינֶער
בַּאשַׁאפֶען גִיוָוארִין דָאס מֵיינְט מֶען אָדָם הָרִאשׁוֹן . דָאס הָאט הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אַזֶעלְכֶעס גִימַאכְט
כְּדֵי דֶער מֶענְטְשׁ זָאל שָׁלוֹם הָאבְּן תָּמִיד . וָוארִין וֶוען הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא זָאל גִיוֶוען
בַּאשַׁאפֶען צְוַויי מֶענְטְשִׁין וָואלְט פוּן דֶעם אַרוֹיס גִיקוּמֶען פִיל קְרִיג דֶען אֵיינֶער וָואלְט גִיזָאגְט
צוּא דֶעם אַנְדֶערִין אִיךְ בִּין פוּן אַצַדִיק אוּנ דוּ בִּיסְט פוּן אַרָשָׁע אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער וָואלְט
דֶעסְט גְלַייכִין אוֹךְ אַזוֹ גִיזָאגְט . דְרוּם הָאט גָאט בָּרוּךְ הוּא נָאר אֵיינִים בַּאשַׁאפִין כְּדֵי עֶר
זָאל גִיט הָאבְּן וָואס פָאהֶר צוּ וַוארְפֶען . וֶוען אֵיינֶער הָאט אוֹיף זַיין חָבֵר שִׂנְאַת חִנָם קוּמְט
פוּן דֶעם אַרוֹיס פִיל קְרִיג אוּנ זַיין פְרוֹיא אִיז מַפִּיל אוּנ זַיינֶע זוּהְן אוּנ מֶעכְטִיר שְׁטַארְבֶּן
אִים חַס וְשָׁלוֹם וֶוען זַייא זֶענִין נָאךְ קְלֵיין . אוּנְזֶערֵי חֲכָמִים שְׁרַייבְּן וֶוען אֵיינֶער הָאט שָׁלוֹם
מִיט זַיינֵי שְׁכֵנִים אוּנ וֶוער עֶס אִיז מְקָרֵב צוּא זִיךְ זַיינֶע קְרוֹבִים דֶער זֶעלְבִּיגֶער הָאט אֵיין
גְרוֹיסֶען שְׂכַר אוּנ וֶוען עֶר רוּפְט צוּ הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אַז עֶס אִיז צוּא אִים אֵיין צָרָה אַזוֹ
וֶוערְט עֶר גְלַייךְ גִיהָאלְפִין . אָבֶּער דֶער מֶענְטְשׁ וָואס הָאט לִיב קְרִיג דֶער וֶוערְט נִיט גֶעךְ
גִיהָאלְפִין אוּנ אֵיין עֵת צָרָה . דֶען שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט גִיגְלֶעכִינְט קְרִיג צוּ אֵיין שְׁטְרָאם וַואסֶער
וָואס וֶוערְט אַלִי מָאל בְּרֵייטֶער אַזוֹי וֶוערְט דוֹא קְרִיג אַלִי מָאל גְרֶעסֶער . אוּנְזֶערֵי חֲכָמִים
שְׁרַייבְּן וֶוער עֶס קְרִיגְט מִיט זַיין חָבֵר אַזוֹי מוּז עֶר אִים אִיבֶּער בֶּעטִין פַאר מֶענְטְשִׁין . וֶוען
אָבֶּער זַיין חָבֵר אִיז שׁוֹין טוֹיט מוּז עֶר גֵיין אוֹיף זַיין קֶבֶר אוּנ מִיט זִיךְ נֶעמִין צֶעהֶן מֶענְטְשִׁין
אוּנ זָאל פַאר זֵיי זָאגִין אִיךְ הָאבּ גִיזוּנְדִיגְט צוּ דֶעם גָאט פוּן יִשְׂרָאֵל . אוּנ צוּ דֶעם וָואס לוּנִיט

דא איך האב ביז גירעט אויף אים. מיר גיפונען און דער גמרא וויא פאר צייטן האבן זיך די מענטשין כבוד אן גיטון אפילו נאך דעם טויט אונזערי חכמים שרייבין ווען איינער היבט אויף זיין האנד אויף זיין חבר אפילו ער האט אים ניט גישלאגין הייסט ער שוין איין רשע ווען צו צייטען איינער מיט דעם חבר קרוגט זיך זאל ער זעהן שלום מאכין און זאלין זיין ווייטער גוטע פריינד. אזו ווי מיר גיפונען ביי גרויסע לומדים און צדיקים:

מעשה איינער האט גיהייסין רבי מני דער זוהן פון רבי יונה אמאהל האבן זיך די לייט פון דעם נשיא מיט אים גיקריגט וואס טוט דער היליגער רבי מני ער איז גיגאנגען אויף דעם קבר פון זיין פאטער רבי יונה און האט גיקלאגט פאר דעם פאטער אויף די צרות וואס ער האט פון דוא לייט פון דעם נשיא. אמאהל האט זיך גיטראפין אז דוא לייט זענין פאר ביוא גיפארין פאר זיין פאטערס קבר זענין די אייזלין גיבליבין שטיין און האבין ניט גיקענט גיין ווייטער און זיי האבין פאר שטאנין אז דאס איז ווייל זיי טוהן אהן צרות זיין זוהן האבין זיי אויף זיך מקבל גיוועזין אז זיי זאלין שוין מער קיין צרות ניט אהן טוהן צו רבי מני האבין זיי ערשט גיקענט אוועק גיין בשלום. דרום קער זיך איטלעכער יוד גיוויינין צו לעבין מיט זיין חבר מיט שלום און אהבה. אונזערי חכמים שרייבין ווען דוא זעהסט אז צוויי משפחות קריגען זיך תמיד זאלסטו וויסין אז און איין משפחה איז דא איין פסול און הקדוש ברוך הוא מאכט די קרוג בכיון כדי זיי זאלען זיך ניט משדך זיין מיט אנאנדיר. אמאל איז גיוועזין איין מאן מיט איין פרויא און זיי האבין שטענדיג גיקריגט אום פרייטאג צוא נאכטס איז גיקומין צו זיי רבי מאיר און האט גימאכט שלום צווישין זיי אזו האט ער גיטאהן דריי מאל. ווי עס איז גיקומין דער דריטער פרייטאג צו נאכטס האט מען גיהערט איין קול פון דעם הויז וואס האט גישרוגען וויי איז צו דעם שטן וואס רבי מאיר האט איהם פאר טריבען פון דארטען. דרום זאל יעדער לעבין בשלום מיט זיין. ווייב און קינדער ובפרט אז עס קומט דער היליגער שבת דארף מען בוודאי לעבין מיט שלום און אהבה בזכות זה וועט אונז השי"ת מציל זיין פון דעם שטן אמן סלה:

# פרק חמשה עשר

אין דעם פרק ווערט דער ציילט ווי אזוי מען זאל פאטער און מוטער ערליך האלטין. אונזערע היליגע תורה האט מזהיר גיוועזין מען זאל ערליך האלטין פאטער און מוטער בכדי מען זאל לאנג לעבין. און דאס איז די פינעפטע מצוה פון די עשרת הדברות. די תורה האט דעם כבוד פון פאטער און מוטער גיגלעכינט צו דעם כבוד פון הקדוש ברוך הוא. ווארין אזוי ווי עס שטייט מען זאל מורא האבין פאר פאטער און מוטער. אזוי אויך שטייט אין דער תורה מען זאל מורא האבין פאר השי"ת:

מעשה די מוטער פון רבי טרפון איז אמאל גיגאנגין שפאצירין אין איר הויף אום שבת אזוי איז איר דער שוך אויף גירוסין גיווארין וואס האט גיטאן דער רבי טרפון אז זיין מוטער זאל קומען אהיים האט ער גילייגט זייני הענד אונטער אירע פיס און זיא איז אויף זיי גיגאנגען ביז זיא איז גיקומען אויף איר בעט. אמאהל איז רבי טרפון שלאף גיווארין זענען גיקומען די רבנן צו אים מבקר חולה זיין האט זיין מוטער גיזאגט צו די רבנן זיי זאלין תפלה טאן פאר איר זוהן ווייל ער האט אזוי פיל נוהג כבוד גיוועזין אן איר און האט זיי דער ציילט די גאנצי מעשה וויא אזוי ער האט זיינע הענד אונטער אירע פיס גילייגט ביז זיא איז גיקומען אין הויז אריין. האבין די רבנים איר גיענטפערט ווען אפילו ער זאל גיוועזין די מיליאן מאל אזוי פיל כבוד אפ גיבין וואלט ער אפילו קיין העלפט כיבוד אם נאך ניט מקיים גיוועזין כפי די תורה האט אן גיזאגט:

פון

מַעֲשֶׂה זאל זיך איטלעכיר איין מוסר ארויס נעמען וויא אזוי מען זאל ערליך האלטין
פאטער אונ מוטער :

מַעֲשֶׂה דז מוטער פון רבי ישמעאל איז אמאל גיקומען אונ בית המדרש אונ האט זיך
גיקלאגט פאר די רבנן אז רבי ישמעאל וויל ניט נוהג כבוד זיין אן איר האבין זיך
דו רבנים דער שראקען אז רבי ישמעאל זאל חלילה גיט מקיים זיין כיבוד אם אונ זיי פרעגין
זיא מיט וואס ער איז ניט נוהג כבוד האט זיא גיזאגט אז ווען ער קומט פון דעם בית
המדרש וויל זיא אים וואשין זיינע פיס אונ דאס וואסער וויל זיא טרונקען אין איך וויל זיא
גיט פאלגין האבען אים דו רבנים גיזאגט חאטשי דיין כוונה איז צו גוטען נאר וייל דיין מוטער
וויל דאס מוטשו טאהן איר רצון . דער פאטער פון רבי זעירא איז גישטארבין נאך ווען זיין
מוטער האט אים גיטראגען אונ זיין מוטער איז גישטארבען תיכף אז זיא האט אים נאר
גיוואונען . אזו פלעגט זיך רבי זעירא תמיד מצער זיין אונ פלעגט זאגין ווען איך זאל האבען
פאטער אונ מוטער אונ זאל זיי כבוד אב געבין וואלט איך מיר פאר רונט דם רעכטיגע גן
עדן . ווי ער האט אבער גיהערט די צוויי מעשות פון רבי ישמעאל אונ פון רבי טרפון פון
כבוד אב ואם האט ער גיזאגט גלויבט איז השי"ת וואס איך האב ניט זוכה גיוועזין צו האבען
פאטער אונ מוטער וויל וואלט איך גיט גיקענט רעכט מקיים זיין דו מצוה פון
כבוד אב ואם . דו מצוה פון כבוד אב ואם איז צו טיילט אויף צוויי חלקים . איין מצוה הייסט
מורא דאס הייסט דו זאלסט מורא האבען פאר פאטער אונ מוטער דאס מיינט מען זאלסט ניט
זיצען אויף זייער ארט ווי ער זיצט אונ ער זאל ניט ריידין ווען זיין פאטער דארף ריידין אונ
ער זאל ניט אפ לייקענען זיין פאטערס רייד . אונ איין חלק הייסט כבוד מען זאל ערליך
האלטין פאטער אונ מוטער דאס מיינט מען אז מען זאל זיי געבען עסין אונ טרונקען ער זאל
זיי אהן טאן דו מלבושים אונ דו שיך ער זאל זיי ארויין פירין אונ שטוב ארויין אונ זאל זיי
ארויס פירין ווען זיי דארפען . אונ אפילו אז ער טוט שוין אזוי ווי דא שטייט מוז ער דאס
טאן מיט דעם גאנצען הארץ אונ מיט גוטע ליבע רייד . אונזערע חכמים שרייבען . אמאל איז
פאר האנגען אז איינער גיט עסין פאטער אונ מוטער גישטאפטע אונ פעטע הינער אונ פון
דעסט וועגין פאר דונט ער זיך חס ושלום דאס גהינם פאר זיי . אמאל איז פאר האנגען אז
איינער לאזט זיין פאטער מאהלין אונ די מיל שטיינער אונ פון דעסט וועגין פאר דונט ער זיך
דאס גן עדן אהן זיי :

מַעֲשֶׂה איין גוי האט גיהייסין דמא בן נתינא ער איז אמאל גיזעסין צווישען די חשובים פון
רום אונ האט אויף זיך אן גיטאהן איין חשוב טייער קלייד פון גאלד גישטוקט איז
זיין מוטער גיקומען צו אים אונ האט אפ גריסען זיין קלייד פון אים אונ האט אים מיט דעם
קלייד גישלאגען אויף זיין קאפ אונ האט אויף אים גישפיגען אונ ער האט גאר שטיל גישוויגען
נאך מער איין שיך איז איר אראפ גיפאלען פון דעם פיס האט זיך דער גוי אן גיבויגען אונ
האט איר אן גיטאהן דעם שיך . היינט זעהט נאר ווי איין גוי האט מקיים גיוועזין כיבוד .
וואס זאלין מיר שוין טאן . רב יוסף אז ער פלעגט הערען אז זיין מוטער קומט האט ער זיך
אויף גישטעלט ער האט גיזאגט איך וועל מיך אויף שטעלין פאר דר שכינה וואס זיא קומט .
רבי יוחנן זאגט וואל איז דעם מענטש וואס ער האט קיין מאל ניט גיזעהן זיין פאטער אונ
מוטער וואהרן עס איז זייער שווער מקיים צו זיין דו מצוה פון כיבוד אב ואם דריי שותפים
זענען בהתברותה ביי דעם מענטשען . הקדוש ברוך הוא אונ פאטער אונ מוטער . דרום דער
וואס האלט ערליך פאטער אונ מוטער איז גלייך ווי ער טיילט אפ כבוד צו גאט ברוך הוא
אונ די שכינה רוהט צווישען זיי . אבער ווען ער איז מצער פאטער אונ מוטער איז ער מרחיק
פון זיך ח"ו דו שכינה דרום זאל יעדער מענטש אויף זיך מקבל זיין ער זאל מכבד זיין פאטער
אונ מוטער וועט ער לאנג לעבין אויף דער וועלט אונ וועט האבען עולם הבא :

אין דעם פרק ווערט באשריבען ווי אזוי מען זאל שבת ערליך האלטען. *הן מאנס פרשונען

והן ווייבער איטלעכיר זאל זעהן צו מאכען פרי שבת איידער עס ווערט שפעט. דארף יעדער מענטש אליין עפיס טאן לכבוד דעם היילגען שבת. האטשי ער האט פיל משרתים אזוי ווי מיר גיפינען פאר צייטונגס האבען אלע גרויסע לומדים אונ חשובים עפיס גיטאן לכבוד שבת. רב ספרא האט איין קאפ פון איין בהמה אפ גיבריט לכבוד שבת. רבא האט דו פיש גימאכט לכבוד שבת. רב הונא האט דו לעכט אן גיצונדין לכבוד שבת. רב פפא האט דו ציכין צו רעכט גימאכט לכבוד שבת. רבה ורב יוסף זיי האבין האלץ אן גיהאקט מען זאל קאכין לכבוד שבת. רב זירא האט פייער גימאכט לכבוד שבת. רב נחמן בר יצחק האט אלע כלים גיטראגין אויף זייני אקסלין לכבוד שבת. ער האט גיזאגט ווען עס זאל צו אים קומען איין חשובר אורח וואלט ער גילאפין אונ מכין גיוועזן ער זאל דעם אורח מכבד זיין. ווי איז פאר האנדן איין בעסירער גאסט ווי שבת איז. זאל איך אים ניט מכבד זיין. דרום האט ער אלעם אליין גיטראגין אויף זיינע אקסלען. ווענין דער מצוה פון [illegible] נוא ווען אזעלכע גרויסע לייט האבין זיך ניט גישעמט אליין עפיס צו טאן לכבוד שבת. דארפען מיר זיך אוודאי ניט שעמען. דרום זאל יעדער עפיס טאן לכבוד שבת. אויך אונ ערב שבת נאך מיטאג זאל מען זיך ניט זעצין עסין. צוויי משפחות זענען גיוועזן אונ ירושלים. איינע האט אלי פרייטאג נאך מיטאג זייער מאל צייט גיגעסין. דו אנדערי משפחה האבען זייער מאל צייט גיגעסין ווען דער רב פלעגט זאגען איין דרשה אונ שוהל. אזוי זענען דו ביידע משפחות אויס גירוסין גיווארען פון דער וועלט. יעדער מענטש דארף זעהן שבת ערליך צו האלטון מיט עסין אונ מיט טרונקען. הקב"ה זאגט ווען דער מענטש האט קיין געלד ניט ער זאל קויפין אויף שבת. בארג דיר אונ איך הקב"ה וועל דיר געבין דו זאלסט האבען צו בצאלין. יעדער דארף זעהן ער זאל האבען וויין אויף קידוש. רבי האט איין מאל גוזר תענית גיוועזן מען זאל תפלה טאן עס זאל גיין רעגין. דאך איז קיין רעגין ניט גיגאנגען. אזוי הט רבי גיהייסין. אז רבי אילפא זאל זיך שטעלין פאר דעם עמוד אונ ער זאל תפלה טאן צו השי"ת עס זאל רעגענען. וויא דער רבי אילפא האט גיזאגט משיב הרוח. איז גיווארין איין שטארקער ווינד ווי ער האט ווייטער גיזאגט מוריד הגשם. האט אן גיהויבען שטארק צוא רעגינען. אזוי זאגט רבי צו רבי אילפא ווס פר אגרויסע מצות טוסטו. וואס דיינע תפלות ווערין תיכף אן גינומען. זאגט רבי אילפא. איך וואן אין איין קליין דארף וואס מען קאן ניט באקומען וויין אויף קידוש והבדלה. אזוי באמיה איך מיך אונ ברענג מיר פון ווייט וויין אויף קידוש והבדלה. כדי אלע דארפס לייט זאלין יוצא זיין. רבי זכאי ז"ל. תלמודים האבען אים גיפרעגט ליבער רבי זאג. פאר וואס דו לעבסט אזוי לאנג. האט רבי זכאי זיי גזאגט איך וועל אייך זאגין. ווייל איך האב גיזעהן איך זאל שטענדיג האבן אויף שבת וויין אויף קידוש איין מאל האב איך קיין געלד ניט גיהאט איך זאל קויפין וויין. אזוי האט מיין אלטע מוטער איר שלייער פון קאפ פאר קופט. כדי איך זאל מיר קויפון וויין אויף קידוש. ווען רבי זכאים מוטער איז גישטארבען הט זיא איבער גילאסט דריי הונדערט פעסער וויין. ווען רבי זכאי איז גישטארבען האט ער איבער גילאסט דריי טוזנד פעסער וויין. ווארון הקדוש ברוך הוא בצאלט מדה כנגד מדה: רבי חנינא אונ רבי אושעיא. זייא האבען זיך אלי פרייטאג באשאפון מיט שמות איין גוט פעט קאלב. אונ האבען עס גיגעסין לכבוד שבת: רב הונא פלעגט אלי ערב שבת פאר נאכט שוקן זיין משרת ער זאל צוא קופין דאס רעשט קרויט וואס גיפונט זיך אונ ער האט דאס גיווארפען אונ וואסער. ער האט דאס גיטאן כדי דוא גערטנערס זאל ניט בלייבן קיין קרויט וועלין זייא אלי ערב שבת ברענגין צו פאר קופון. אונ ער האט עס גיווארפון אונ וואסער אריין אונ דו ארומעלייט הט ער ניט גיוואלט געבין. ווייל זאלין זיך אויף איהם ניט פאר לאזון. נאר זיי זאלין אליין קופון לכבוד שבת. דרום

זאל

זאל איטלעכור זעהן ער זאל שבת ערליך האלטען. אונ זיין כוונה זאל זיין לשם שמים. אזו ווערט ער מאריך ימים זיין בעולם הזה. ובעולם הבא:

# פרק שבעה עשר

אין דעם פרק ווערט באשריבען ווי אזו מען זאל האלטען די מצוה פון ביקור חולים ווייל דער שכר איז זייער גרויס. אונ דער תורה שטייט דו זאלסט נאך גיין נאך גאט ווי חייט מיגלוך איז. דאס מיינט מען דער מענטש זאל נאך גיין נאך גאטס מדות. הקדוש ברוך הוא איז מבקר חולה אזו זאל דער מענטש אויך מבקר חולה זיין. מיר גיפונין אז הקדוש ברוך הוא איז גיגאנגען צו אברהם אבינו מבקר חולה זיין. דיא מצוה פון ביקור חולים האט קיין שיעור ניט. אפילו דער גרעסטער חשוב איז מחויב מבקר חולה זיין דעם גרעסטען ארומאן. ווען איינער גייט הונדערט מאל אונ איין טאג. ווערט יעדר מאל גירעכונט פאר איין מצוה. ווער עס גייט צו איין חולה. נעמט ער צו איין זעכציגסטע חלק פון דער קרענק. אונזערי חכמים שרייבען. ווער עס גייט ניט צו איין חולה איז גלייך ער טוט אן דעם חולה איין רציחה. דעם ערשטען טאג זאל מען צו איין חולה ניט גיין. אויך זאל דער חולה דעם ערשטען טאג ניט זאגין אז ער איז קראנק. אזו ווי רבא איז שלאף גיווארין האט ער דעם ערשטען טאג גיהייסין דו טיהר צו מאכון. עס זאל קיינער ניט וויסען אז ער איז שלאף. ווארון דס מזל קאן הי"ו דער פון ערגער ווערון. אבער דעם אנדערין טאג האט רבא גיהייסין אויס רופען פאר אלע מענטשין אז ער איז קראנק. ווארון אז מיין שונא וועט דאס דער הערין וועט ער זיך דער פרייאון. אזוי וועט הקדוש ברוך הוא אים להכעיס מיך גיזונד מאכון. אונ אז מיינע גוטע פריינט וועלין הערון אז איך בין שלאף. וועלין זייא תפלה טאן פאר מיינעט וועגין. אויך זאל מען ניט מבקר חולה זיין ניט אונ דו ערשטע דריי שעות פון טאג אונ ניט אונ דו לעצטי דריי שעות פון טאג. ווארין אונ די ערשטע דריי שעות. איז דער חולה פריש. אזו וועט ער מיינון אז ער איז שוין גאר גיזונד דארף ער שוין פאר זיינט וועגין קיין תפלה ניט טאן. אונ דו אונטערשטע דריי שעות איז דער חולה שטארק שוואך. וועט ער מיינון אז עס וועט אים שוין גאר ניט העלפין. אזוי וועט ער שוין קיין תפלה ניט טאן. אויך זאל מען ניט גיין צו איין חולה וואס ער האט חולי מעיים. ווייל אפשר דארף דער חולה זיין צורך טאהן. וועט ער זיך שעמין. אויך ווערלכור חולה עס האט דם שווערי חולאת זאל מען אויך ניט גיין ווייל עס איז איין סכנה. רב סעורם איז גיגאנגען מבקר חולה זיין צו רבה. ער איז שטארק שלאף גיוועזן. אזו זאגט רבא צו רב סעורם איך בעהט דיך גייא צום מלאך המות זאג אים ער זאל מיר ניט ווייא טאן ווען ער וועט מיר די נשמה צו נעמון. אזו זאגט רב סעורם צו רבא. דו ביסט באקאנט מיט דעם מלאך המות אזוי ווי איך פאר וואס זאגסט די אים ניטזאגין. זאגט רבא ווייל איך האלט שוין בייא שטארבען איז מיין מזל שלעכט. פרעגט ער ניט נאך מיינע רייד. אזו זאגט רב סעורם יוא איך וועל בעטין דעם מלאך המות פאר דיינט וועגין נאר נאך דיין טויט זאלסטו זיך צו מיר באווייזן. נאך דעם אז רבא איז גישטארבען האט ער זיך באוויזן צו רב סעורם אזו פרעגט ער רבא. זאג מיר אייב האסטו עפיס גרויס צער גיהאט בעת ביסט גישטארבן. זאגט רבה גלייב מיר אז מען פלעגט מיר אדער לאזן פלעגט מיך מיין הארין וויא בעת ביים שטארבען. אזוי גרונג איז דער מלאך המות מיט מיר גיגאנגן ווייל דו האסט אים פאר מיינט וועגין גיבעטון. רבא איז גיגאנגן צו רב נחמן מבקר חולה זיין. וויא רב נחמן האט גיזעהן אז ער האלט בייא שטארבען. זאגט ער צו רבא. איך בעט דיך גייא צום מלאך המות אונ בעט אים ער זאל מיר ניט וויי טאן ווען ער וועט ביי מיר די נשמה צוא נעמין. אזוי זאגט רבא צו רב נחמן ביסטו דען ניט דער אייגינער חשוב בייא דעם מלאך המות ווי איך ער האלט ניט קיינים

אונ וועט מיך אויך ניט הערין. דאך וועל איך עס דיר צו ליב טאן. נאר דו זאלסט מיר צו זאגין אז נאך דעם טויט זאלסטו זיך צו מיר באווייזן. אזו האט אים רב נחמן צו גיזאגט. אז רב נחמן איז גישטארבן. נאך דעם טויט האט ער זיך באוויזן צו רבא אזו פרעגט אים רבא האסטו עפים גיהאט גרויס צער ביי דעם שטארבן. זאגט רב נחמן דער מלאך המות האט מיך אזוי גרונג די נשמה גינומען אזוי ווי מען נעמט ארויס איין האר פון דער מילעך. ווען הקדוש ברוך הוא זאל מיר זאגין גייא צוריק אויף דער וועלט וויא איך בין גיוועזן. וואלט איך ניט גיוואלט. ווייל דו שרעק פון דעם מלאך המות. איז שטארק גרויס. דרום בין איך שוין צו פרידן אז איך בין שוין איבער גיקומען. פון די צווייא מעשיות קען מען זעהן וויא גרויס די מצוה פון ביקור חולים איז. ווען די צווייא לייט זאלין ניט גיוועזן גיין מבקר חולה זיין וואלטען זיי דאך דעם מלאך המות ניט גיוועזן ניבעטן פאר זייערט וועגן זיי זאלין האבן איין גרונגען טויט. אויך זאל מען דעם חולה אויס רעדין ער זאל זיך ניט נעמען צום הארץ. אויך דארף מען דעם חולה זאגין דאס ווס דו ביזט קראנק דס איז אלעס דיר לטובה. אונזערי חכמים שרייבן אז ביז יעקב אבינו איז קיינער ניט שלאף גיוועזן ערשט יעקב אבינו האט תפלה גיטאן אז דער מענטש איידער ער שטארבט זאל ער פרור שלאף זיין. כדי ער זאל וויסען צוואה לאזון אונ ער זאל אהן זאגען זיין ווייב אונ קינדער. אונזערי חכמים שרייבן ווען דער חולה שטייט אויף פון דער קרענק איז אים הקדוש ברוך הוא מוחל זיינע עבירות. אונ אלישע הנביא״ם צייטן איז קיינער ניט גיזונד גיווארן. ווער עס איז שלאף גיוועזן דער איז גישטארבן. ביז אלישע הנביא האט תפלה גיטאן אז די קראנקע זאלין צוריק גיזונד ווערין. דרום דארף יעדער מענטש תפלה טאן אויף זיין חבר ווען ער איז שלאף. אונזערי חכמים שרייבן ווען איינער איז מתפלל פאר זיין חבר אונ ער דארף די זעלבע בקשה אויך. אזוי ווערט ער פרור גיהאלפען. אונ דער נאך ערשט דעם חבר. ווען מען גייט צוא איין חולה זאל מען זיך ניט זעצין צו קאפונס. אויך זאל ער ניט גיין מיט נאוה. ווייל דוא שכינה איז ביי דעם הולי. הקדוש ברוך הוא זאל אונז גיזונד לאזין עד מאה שנים אמן:

# פרק שמונה עשר

אין דעם פרק ווערט גישריבן וויא איטליכער זאל זיך משמח בחלקו זיין. אונ זאל פון קיין שום זאך קיין דאגה ניט האבן. נאר ער זאל אלעס פאר ליב אהן נעמין: אונזערי חכמים שרייבן וועלכער מענטש היישט וואס ער גלייבט ניט אהן השם יתברך. דער וואס האט געלד צו לעבין הייגט. אונ ער זארגט אויף מארגין דאס טאר מען ניט. נאר ער זאל טייטער טאהן זיין משא ומתן אונ השי״ת וועט אים העלפין. ער זאל בטחון האבן אונ הקדוש ברוך הוא האטשע ער האט ווייניג געלד דאך זאל ער זיך משמח זיין מיט דעם וואס ער האט: אונזערע חכמים שרייבן וועלכער הייסט איין עושר דער וואס פרייט זיך מיט דעם וואס ער האט. עס איז דא טייל מענטשין וואס האטשע זיי האבן פיל געלד פון רעכט וועגין זארגין זיי פארט. וויא פיל זייא האבען וואלטין זיי גיגערין נאך אזוי פיל מאל גיהאט האטשע ער האט צווייא הונדערט טוזינט דאך וויל ער נאך מאפיל האבן. ער לאזט זיך ניט בגניגין דער מיט. ביז ער באקומט דאס ביסעל ערד אויף זיך דערמאנט האט ער שוין גינוג: מעשה אלכסנדר מוקדן איז איין מאל גאר ווייט אוועק גיריזט ביז ער איז גיקומען צו דער טיהר פון דעם גן עדן. אזוי האט ער זיך גיהייסין אויף מאכען די טיהר. אזו זאגט אים איין קול פון דער טיהר דאס איז דיא טיהר פון גאט וואס דוא צדיקים קומען דא ארום אריין. אזוי זאגט ער איך בין איין מלך דאס הייסט איין חשוב גיט מיר עפים פון דעם גן עדן אזו האט מען אים גיגעבין איין אויג פון איין מענטש. אזוי האט ער דאס אויג גילייגט

איף איין וואג שאל. אונ זיין גאנץ זילבער אונ גאלד אויף דער אנדערע וואג שאל. אונ
דאס אויג וועגט אלעס איבער. האט ער גיפרעגט די רבנים וואס דאס בטייט. אזוי זאגין
די רבנים צו אים דאס איז איין אויג פון איין מענטש. ווי פיהל דס אויג האט איז אלעס
ווייניגבוויל: עס נאך מיין. אזוי זאגט דער מלך צו די רבנים ווער זאגט דאס איז אזוי. זאגין
די רבנים נעם איין קליין שטיקיל ערד אונ לייג אויף דעם אויג וועסטו זעהן אז דס זילבער
וועט באלד איבער וועגין. דאס בטייט אז וויא באלד אז עס קומט אויף דעם מענטש ארויף
אביסעל ערד הט ער שוין אללעס גינוג. אונ פרור האט ער אלעס ווייניג. יעדער מענטש
בארף זיך איבער רעכנין ער זאל וויסען וואס פאר איין הבל דוא וועלט איז. ער זאל גיט
טראכטען וועגין געלד. עס שטייט גישריבין אונ דער גמרא שמואל האט גיזאגט צוא רבי
יהודא. עס אונ טרונק גישווינד. ווארין די וועלד איז גיגלעכין צו איין חתונה. דער מענטש
זאל ניט טראכטען וועגין געלד אויך זאל ער ניט נאך גיין נאך לוסטע קייטען. נאר ער זאל
תורה לערנין ער זאל נאך גיין נאך מצות. ווארון אזוי ווי איין חתונה גידויערט ניט לאנג
צאו גידווערין גיט דעם מענטשענס יארין אונ איין קליינע צייט פירט מען אים אונ איין פינצטערין
גריב. דער נאך האט ער חרטה אבער עס העלפט ניט. אונזערי חכמים שרייבין. די שכינה
האט ניט גירוט ביי זעלכי וואס האבען זייער לעבן פאר בראכט אונ דאגות אונ טראערקייט.
נאר די שכינה ריהט דא וויא עס איז פריילך וויא עס איז דא מצות. אונ דער גמרא שטייט
אזו; מיין קינד אז דו האסט געלד לאז דיר וואול גיין. זארג ניט פאר ברענג ניט דייני יארין
אונ צער. ווארון אונ גרוב קאן מען זיך קיין תענוג ניט אן טאן. אונ ווען דער טויט קומט.
פארט ער ניט איין מיניט נאר מען מוז תיכף גיין נאך וואס זאל דר מענטש שטענדיג זארגין.
אונ אז דיר דאכט זיך דאס די ווילסט זארגין פאר דייני קינדער. איז עס אויך איין הבל.
ווער וועט צו דיר קומען אונ קבר זאגין אויב דאס געלד איז באדיינע קינדער די דארפסט
פאר דייגע קינדער ניט איבעריג זארגין. ווארין אז זיי דארפין גרויס ווערין. וועדט זייער
געלד מיט זיי גרויס. ווארין דער מענטש איז דאך גיגלעכין צו דעם גראז פון פעלד. דאס
איינע וואקסט אונ איינע פאלט. דרום פאר קלער ניט צו פיל פאר דייני קינדער. ווען עס
איז דיר צו צייטען שלעכט זאלסט דיך אויך משמח זיין. רב שמעון בר אבא. ער איז גיוועזן
איין פרומער מענטש ער הט אונ זיך גיהאט אזעלכי מדות ווי אברהם אבינו. אויך איז ער
גיוועזן איין מבין אויף אלערלייא סחורות וואס עס איז נאר אויף דער וועלט פאר האנדעל
דאך האט ער גיהאט דעם גרויסן דלות דאס ער האט קיין ברויט ניט גיהאט. רבי יוחנן
האט אויף אים גיזאגט דעם פסוק. לא לחכמים לחם. דאס איז טייטש. ווען איינער איז
גאר איין קליגער. ער פאר שטייט יעדער משא ומתן. אונ אז ער האט ניט קיין מזל
העלפט אים ניט זיין קליגהייט. נאר וואס עס איז בשערט פון הקב"ה אזו איז; אונזערע
חכמים שרייבין דאס וואס דער מענטש זארגט איז הבל הבלים. ווארין אויף די טעג וואס
זענין שוין פאר ביי גיגאנגען האט ער דרויף ניט צו זארגין. זיי וועלין דאך שוין ניט צוריק
קומען אלא ער זארגט אויף די טעג וואס וועלין קומען. דאס איז דאך לויטער נארישקייט
ווארין ער קאן דאך ניט וויסען אויב ער וועט מארגין לעבין. קומט דאך אויס אז ער זארגט
אויף פרעמדע טעג וואס זענין גאר ניט זיין. אויך זאל זיך דער מענטש אויף קיין שום זאך
ניט מצער זיין. ווארין דער מענטש איז בשאפין גיווארין צו בלויז צרות ער זאל האבן אויף
דער וועלט. וואס די צרות זענין אים לטובה. ווארין ווען עס גייט פאר ביי פערציג טעג
אונ ער הט קיין צרות ניט. דר הט שוין אפ גינומין זיין חלק עולם הבא אוף דר וועלט.
ווארין עס איז ניט מיגליך אז דער מענטש זאל אונ זיין לעבין קיין צרות ניט האבן;
אונזערי חכמים שרייבין עס איז פאר האנדון גרויסע זאכין וואס זיי קומען אויף דעם מענטש
דאך היסט עס יסורים. דאס ערשטע ווען איינער מאכט זיך איין מלבוש. אונ עס איז ניט

צו דער מאס אזו ווי ער וויל. דאס אנדערי איז ווען ער ווי שענקין די זאך אונ ער איז זיך טועה אונ ניט איין אנדערי זאך. דאס דריטע איז אז מען טוט אהן איין מלבוש אודער איין העמד פאר קערט. די פערטי יסורים הייסין ווער עס וויל פון זיך בייטיל ארויס נעמין דריי גראשין אונ ער האט נאר צוויי. דאס זענין אלעם גרונגע יסורים. וואס אפילו דוירך זיי ווערט ער ניט אהן זיין חלק לעולם הבא. אונ דער גמרא שטייט וויא אזו די פרורדיגע מענטשין האבן זיך בניגין גילאזט מיט וויינינג וואס. אלע טאג איז גיוועין איין בת קול פון דעם הימיל. אז דוא גאנצי וועלט ווערט גישפייזט וועגין מיין זוהן חנינא. אונ מיין זוהן חנינא אליין לאסט זיך בגוגין מיט באקסערין פון איין ערב שבת צום אנדערין ערב שבת. אז ריש לקיש איז גישטארבן איז נאך אים גיבליבן איין מעסטיל זאפערין. אזו האט ער אויף זיך דעם פסוק גילייענט. ועזבו לאחרים חילם. דאס איז טייטש דאס וואס דער מענטש האט דאס איז ניט זיין נאר ער לאזט דאס איבער פאר אנדערם וועגין. דרום זאל דער מענטש גאר ניט זארגין וואס עס קומט אים אלעם פאר. דען עס איז אלעם פון גאט. וואריין פערציג טאג איידער דר מענטש ווערט גיבארין. ווערט אונ הימיל אויס גירופען דוא טאכטער פון פלוני זאל נעמין דעם פלוני. דאס פעלד פון דעם פלוני זאל דער האבין. דאס הויז פון דעם פלוני זאל דער האבען. דאס ווייב פון דעם פלוני זאל דער פלוני האבן׃

# פרק תשעה עשר

אין דעם פרק ווערט גישריבען ווי אזוי מען זאל חתן כלה משמח זיין עס מאג זיין ארעמע אודער רייכע. אזו איז דער שכר גאר גרויס. אונזערי חכמים שרייבן עס איז ניט גינונג וואס מען עסט אונ טרונקט אויף איין חתונה. נאר מען דארף חתן וכלה משמח זיין דאס איז דער עיקר. מען זאל טאנצין אונ שפרונגען. אויך זאל מען די כלה לויבין פאר דעם חתן ווען זיא איז ניט אזוי היפש דאך זאל מען זיא לויבן. דרום זאל איטליכער וויסין דעם דרך ארץ ווען איינער קופט עפים אויף דעם מארק. אזו דארף מען אים שטענדיג זאגין אז דו האסט גאר ניט גיקופט. אזוי איז ביי חתן כלה מען דארף די כלה לויבן פאר דעם חתן. דאס זיא זאל אים גיפעלין. ווארין דאס הייסט דאך אויך גלייך ער וואלט עפים גיקופט. אונ דער גמרא שטייט רבי יהודה בן אלעאי האט גינומין איין שטעקין פון איין הדס אונ הט גיטאנצט אונ גישפרונגין פאר דער כלה אונ האט גיזאגט די כלה איז גאר שיין אונ היפש. רבי שמואל בן רבי יצחק הט גינומין דריי שטעקונס פון הדס אונ הט מיט זיי קינצין גימאכט ער האט זיי גיווארפען אונ דער היך. דאס האט ער גיטאן לשם שמים. כדי חתן כלה זאלין ליסטיג זיין. ווי רבי זירא האט דאס גיזעהן האט ער גיזאגט דער אלטער רבי שמואל פאר שעמט אלי תלמידי חכמים. עס איז איין חרפה פאר איין תלמיד חכם צו מאכין זיך אזו לוסטיג פאר אלע מענטשין. אבער ווען דער גיטער רבי שמואל איז גישטארבן. איז פאר זיין ארון גישטאנין איין פייעריקע זאל. דאס באטייט אז ער איז גיוועין איין גרויסער צדיק. וואס זיין גלייכין איז ניט גיוועין אונ דעם גאנצון דור. אזו האט רבי זירא גיזאגט דס איז אים גיקומין דער פאר ווייל ער האט זיך שטארק לוסטיג גימאכט פאר חתן כלה אזוי ווי איין שוטה. רב אדא בר אהבה. ער פלעגט דוא כלה צו נעמין אויף זייני אקסלין אונ האט מיט איר גיטאנצט אונ האט זיך שטארק לוסטיג גימאכט. אזוי האבן אים די איבעריגע רבנים גיפרעגט אויב זיי מאגין אויך נעמן דוא כלה אויף דיא אקסלין אונ זאלין זיך לוסטיג מאכין. הט זיי רבי אדא גיענטפערט. אז עס זאל זיך אייך דאכטין אז איהר טראגט איין בעליק אויף די אקסלין מאגט איר. דס הייסט אוב איר וועט ניט האבן קיין הרהור מאגט איר די כלה נעמין אויף די אקסלין אונ זיך לוסטיג מאכין. נוא ווען איצליכע גרויסע לייט האבן זיך ניט גישעמט ליסטיג מאכן חתן כלה דארפין מיר זיך בוודאי ניט שעמין דער

עיקר

עיקר איז מען זאל דאס טאן לשם שמים. אונ דוא רשעים וואס זייא לאבין פון דעם. זויא וועלין האבען זייער בייז צאלונג: ווען רבי. הט זיין זון חתונה גימאכט הט ער ניט גיבעטין בר קפרא אויף דער חתונה. ווייל בר קפרא פלעגט שטארק לוסטיג מאכון אויף איין חתונה. האט רבי מורא גיהאט אז ער זאל דער פון ניט לאכין. ווארן ווען רבי האט גילאכט איז דעם אייגענים טאג איין צרה גישעהן. ווי בר קפרא הט גיזעהן אז מען הט אים ניט גיבעטון אויף דער חתונה. האט בר קפרא אויף גישריבען אויף דעם הויז ווי דו חתונה האט גיזאלט זיין. פיר אונ צוואנציג טאל צעהן טויזנד גילדען האט מען הוצאות גימאכט אוף דער חתונה אונ בר קפרא האט מען ניט גיבעטין: נאך האט ער גישריבן. ווען עס גייט איינים גוט וואס ער טוט ניט גאטס ווילין. מכל שכן דער וואס טוט גאטס ווילין וועט אים נאך בעסער גין. ווי רבי האט דאס גיזעהן האט ער תיכף גישוקט בעטין בר קפרא אויף דער חתונה. אזוי האט בר קפרא ווייטער אנדערש אהן גישריבן ווען דו מענטשין וואס זיי טאן גאטס ווילין גייט זייא ניט אויף דער וועלט מכל שכן וועט זיי גיין גוט אויף יענער וועלט. ווייא בר קפרא איז גיקומען אויף דער חתונה. זאגט רבי צו אים איך בעט דיך זאלסט מיך ניט מאכן לאכין. ווארין דעם טאג וואס איך לאך דעם טאג קומט איין צרה אויף דער וועלט. אונ דער פאר האט רבי צו גיזאגט בר קפרא דאס ער וועט אים געבין פיר מעסטליך מיט ווייץ. אזוי זאגט בר קפרא זאג מיר וואס פאר אמעסטליך וועסט מיר געבין כדי איך זאל וויסין וואס פאר איין זאק איך זאל מיט ברענגין. הט אים רבי גאר ניט גיענטפערט. האט בר קפרא גינומין איין זאק אונ האט אים אויף זיך אהן גיטאן אונ קומט צו רבי אונ זאגט צוא אים גיב מיר אפ דוא פיר מעסטליך ווייץ וואס האב גיליגן. האט רבי אן גיהויבין צו לאכון. ווייל דער בר קפרא איז איין גרויסער למדן אונ איין חשוב דאך הט ער אהן גיטאן איין זאק זאגט רבי איך האב זיך דיך גיבעטון זאלסט מיך ניט לאכידיק מאכון. זאגט בר קפרא איך וויל מיין ניט נאר גיב מיר דו פיר מעסטליך ווייץ. ווער הייסט דיך לאכין. אוך זאגט בר קפרא צו רבים טעכטער מארגין וועלין מיר ערשט ווייען טרונקין כדי דיין פאטער זאל טאנצין אונ דיין מוטער זאל זונגען. קאן מען זעהן וויא גרויס דו מצוה איז משמח זיין חתן כלה. אז אזעלכע גרויסע לומדים האבן זיך אזוי לוסטיג גימאכט מכל שכן אונז דארפן בוודאי לוסטיג מאכין חתן כלה. כדי מיר זאלין זיך זוכה זיין משמח זיין העולם הזה ובעולם הבא אמן:

# פרק עשרים

אין דעם פרק ווערט גישריבן ווי מען זאל ערליך האלטן דוא לומדי תורה ווייל דער שכר דער פון איז גאר גרויס ווארין זיי זענין חשוב ביי הקדוש ברוך הוא: אונזערי חכמים שרייבען אזו ווי מען דארף זיך פערכטון פאר השי"ת. אזו דארף מען זיך פערכטון פר תלמידי חכמים. אונ מען זאל זיי ערליך האלטון. יהושפט איז איין מלך גיוועזן. אונ אז ער האט גיזעהן איין למדן הט ער זיך פון דער שטול אויף גיהויבן אונ הט אים גיקושט אונ גיהאלזט. אונ האט אים גירופין רבי רבי מרי מרי. חאטשע דו עמי הארצים פלעגין דו לומדים ניט ליב האבין. רבי עקיבא אייבער איז גיוועזן איין למדן ווען ער איז נאך גיוועזן איין עם הארץ. האט ער גיזאגט אז ער זעהט איין תלמוד חכם וואלט ער אים גיגערין צו רוקין אזו ווי איין אייזיל. אונזערי חכמים שרייבן. פאר צייטונס האבן דו עמי הארצים גרויס שנאה גיהאט אויף תלמידי חכמים ווען ניט וואס זיי האבן זיי גידארפון צום משא ומתן וואלטון זיי זיי גיוועץ אום גיברענגט. יעדער דארף איין למדן מכבד זיין. ווען דו זעהסט אז איין למדן טוט איין עבירה זאלסט אויף אים קיין שנאה ניט האבין אויך זאלסט אים מכבד זיין. ווארין גיוויס האט ער ווידער תשובה גיטאן. מיר גיפונן אונ דער גמרא ווי גרויס דו עבירה איז אז מען

איז ניט מכבד איין תלמיד חכם. רבי עקיבא האט געהאט פיר און צוואנציג טויזנד תלמידים. און איין קורצע צייט פון פסח ביז שבועות זענען זיי בעולם הזה אלע אויס געשטארבן. ווייל זיי האבן איהם קיין כבוד ניט אויך געטאן:

מיר געפונען אז די תלמידי חכמים טוהן זיך אהן כבוד אפילו נאך זייער טויט:

מעשה רבה און רב המנונא זענען געוועזן ברודער. זיי זענען ביידע גלייך געשטארבן און חוץ לארץ. האט מען זיי געפירט קיין ארץ ישראל ווי זיי זענען געקומען צוא דער בריק וואס מען גייט איבער קיין ארץ ישראל. איז זענען די קעמליך געבליבן שטיין. האט איין סוחר געפרעגט דעם אנדערין סוחר וואס דאס באטייט. האבן דוא רבנים איהם געענטפערט דוא ביידע טויטע טוהן זיך כבוד אהן. דער זאגט מען זאל יענים פרור ארובער פירין און דער זאגט מען זאל יענים פרור אריבער פירין. דרום שטיין די קעמליך. זאגט דער סוחר צו דוא רבנים ווען איר זאלט מיך פאלגין. אזו וואלט גלייכער געוועזן איר זאלט רבה צוא ערשט ארובער פירען. ווייל ער איז דער עלטערע. אזוי איז באלד דאס קעמיל מיט רבה צו ערשט ארובער איבר דר בריק. דר ווייל איז באלד דעם סוחר ארויס אלע ציינע ציין חייל ער האט געזאגט אז רב המנונא זאל צום אונטערשטן גיין. פון דער מעשה קאן מען זעהן. דער סוחר האט דאך מיין ניט געזאגט נאר רבה זאל צום ערשט גיין. האט ער געהאט אזא פסק אז אלי ציין זענען אים ארויס און דאס איז דאך געוועזן בייא טויטע לייט. מכל שכן ווער עס איז מבזה איין תלמוד חכם. קאן מען פאר שטיין ווי גרויס דער עונש איז: אונזערי חכמים שרייבן וועלכער עס האט ליב תלמידי חכמים דער איז זוכה אז ער האט קינדער וואס זענין אויך תלמודי חכמים. ווער עס האט מורא פאר רבנן דער איז זוכה צו ווערין איין למדן. באם ער איז ניט קיין למדן. איז ער זוכה אז זייגע רייד ווערין אזוי אהן גענומין גלייך ווי איין למדן זאגט דאס. ווען דו זעהסט איין למדן וואס ער איז איין בייזער. דאך טוא איהם אהן כבוד ווארן דוא תורה וואס זיא איז געגלעכן צו פייער. זיא היצט איהם:

# פרק אחד ועשרים

אין דעם פרק ווערט געשריבן ווי גרויס די תשובה איז גיליבט פאר השי"ת. וואל איז דעם וואס טוט תשובה. און פסוק שטייט דו זאלסט איין טאג פאר דיין טויט תשובה טאן. האבן רבי אליעזר'ס תלמידים איהם געפרעגט. ווי איז דאס מעגליך קאן דען דער מענטש וויסען ווען ער וועט שטארבען. האט זיי רבי אליעזר געענטפערט. ווייל דער מענטש ווייסט ניט ווען ער וועט שטארבען דארף ער יעדער טאג תשובה צו טאן. ווארין טאמער שטארבט ער מארגן. שלמה המלך האט אויך דאס געמיינט וואס ער האט געזאגט דו זאלסט אלי צייטען האבן גרייט דייני ווייסע קליידער. איין משל איין מלך האט פארבעטין אלע זייגע קנעכט אויף איין סעודה. נאר ער האט זיי ניט געזאגט ווען די סעודה וועט זיין. נאר ער האט זיי געזאגט זיי זאלין גרייט זיין צו איין סעודה. די קלוגע קנעכט זיי האבין זיך תיכף אן געטאן זייערי שיינע קליידער און האבן זיך גאר שיין אויס געצירט. ווארין זיא האט זיך געדאכט געוויס וועט די סעודה באלד זיין. ווארין וואס פעהלט ביי איין מלך עס איז אלעס דא. דרום זענען זיי געווען פארטיג זיי האבין זיך געזעצט פאר דעם מלכ'ס טיהר און זיי האבען געווארט ביז דער מלך וועט זיי רופען. און די נארושע קנעכט. זיי האבין זיך געטראכט איידער מען לאדיוועט אויס איין סעודה איז איין טירחה. דרום וועט אזוי גיך די סעודה ניט זיין. אזוי האבען זיי זיך גאר ניט מכין געוועזן אויף דער סעודה. נאר זיי האבען געטאן ווייטער זייער ארבייט אזוי ווי דער סדר איז פון איין קנעכט פלוצלונג ניט דער מלך איין בפעהל אז די אלי געבעטענע זאל שוין קומען אויף דער סעודה. די קלוגע וואס זענען געזעסין פאר דער טיהר זיי זענען געוועזן שיין געקלייד. זיי זענען באלד אריין געגאנגען צום

כלך

מלך וואָרין זיי וועגן דאָך גיוועזן גרייט. אָבער די נאַראָנים. זיי האָבען קיין צייט ניט גיהאַט זיך איבער צו טאָן אַזוי ווי מען בּדאַרף פאַר איין מלך צו קומען. וואָס האָבען זיי גיקאָנט טאָן האָבען זיי גיטוהט גיין אונ זייערע צוריסענע קליידער. ווי זיי זענען גיקומען פאַר דעם מלך. האָט דער מלך גיזעהן ווי מיאוס זיי גייען אָן גיטאָן איז ער בּייז גיוואָרין אויף זייא אונ מיט די קלוגע האָט ער זיך שטאַרק גיפרייט. אונ האָט זיי גיזעצט צום טיש. אונ האָט גיפּסקינת. אַז די נאַראָנים זאָלין שטיין פון דער ווייטונס. אונ זאָלין צו זעהן ווי די קלוגע עסין אונ טרונקין. דאָס משל גייט אויף אונז. הקדוש ברוך הוא הייסט דער מלך. אונ מיר הייסין די עבדים. ווער עס גרייט זיך אָן באַצייטונס ער טוהט תשובה דער קאָן תיכּף צו קומען צו השי"ת אונ השי"ת זעצט אים אונ גן עדן אונ השי"ת איז זיך משמח מיט אים. ווער עס איז אָבער אַנאַר. ער טראַכט זיך איך האָב נאָך צייט תשובה טאָן. אַזוי קומט ער דאָך מיט זייני צוריסענע קליידער פאַר הקדוש ברוך הוא. איז זיין פּסק אַז ער שטייט אונ זעהט וואָס פאַר איין תענוג די צדיקים האָבען. אונ ער האָט אַפּנים ווי איין סאַרוועשער שטייט ביי דעם עולם. רבי מאיר זאָגט ניט אַזוי גרינג קומט אָהן די רשעים מען זאָל זיי לאָזין זעהן ווי די צדיקים זענען מקבל תענוג. זיי שרייען זיך פריער גינוג אָהן אונ דעם גיהנם איידער זיי זענען זוכה. וואל דער יוגנט אַז זיא ווערט ניט מבויש פאַר דער עלטער דאָס הייסט אונ דער יוגנט איז ער גוט. אונ אויף דער עלטער ווערט ער ר"ל שלעכט. אונ וואל דער עלטער וואָס זיא איז מכפּר אויף דער יוגנט. ווי אַזוי דער מענטש פירט זיך אַזוי העלפט מען אים צו. פירט ער זיך גוט העלפט מען אים צו. פירט ער ח"ו שלעכט. באַקומט ער איין חברותא וואָס ער לערונט זיך אָפּ פון זיי. הכלל וויא אַזוי דער מענטש חיל אַזוי פירט ער זיך. וואָרין איידער דער מענטש ווערט באַשאַפין ברענגט מען דעם טראָפּין זרע פאַר הקב"ה. אונ מען פרעגט וואָס זאָל דאָס זיין צו איין עושר צו איין עני. אָבער צו איין צדיק צו איין רשע ח"ו. דאָס פרעגט מען ניט. דאָס איז באַדעם מענטש אין דער האַנד. משל איינער האָט צו פאַר קויפין טראָן וואָס עס שטינקט אויך האָט ער צו פאַר קויפין באַלסים אייל וואָס שמעקט זייער גוט. קומט איינער אונ וויל קויפין טראָן זאָגט ער מעסט דיר אַליין אָן. קומט איינער וואָס וויל קויפין בּלסים אייל. זאָגט ער וואַרט איך וועל דיר אָן מעסטין. מיר ווערין ביידי הנאה האָבין פון דעם גוטין ריח אַזוי אויך דער מענטש. וויל ער גיין אונ שלעכטין וועג זאָגט מען צו אים מעסט דיר אַליין אָן אונ מען לאָזט אים גיין. אונ אַז ער וויל גיין אונ גוטין וועג דאָס מיינט מען אַז ער טוהט תשובה. זאָגט השי"ת צו אים וואַרט איך וועל דיר אַליין ווייזין דעם גוטין וועג. די מידות פון הקדוש ברוך הוא איז ניט אַזוי ווי בייא דעם מענטש. וואָרין אַז דער מענטש זינדיגט קיגין זיין חבר. אפילו ער בעהט אים שטאַרק איבער דאָך איז אים איין קפּק אחב ער האָט אים אין גאַנצין מוחל גיוועזן. אָבער אַז ער טוט איין עבירה קעגין השי"ת אונ ער טוהט תשובה אַזוי ווי עס בּאַרף זיין איז אים גיוויס השי"ת מוחל. די תשובה איז אַזוי גרויס זיא ברענגט איין רפואה אויף דער וועלט. תשובה איז אַזוי ליב פאַר הקב"ה אַז זיא גייט ביז אָן דעם כּסא הכבוד. תשובה קאָן פרענגין די גאולה אויף דער וועלט. תשובה דער לייגערט דעם מענטש זיינע יאָרין אונזערי חכמים שרייבין וועלכער הייסט בעל תשובה. אַז עס קומט פאַר נאָך איין מאָהל די זעלבּי עבירה וואָס ער האָט אויף איר תשובה גיטאָן. אונ איצונד טוט ער די עבירה ניט דער הייסט איין בעל תשובה. אָבער אַז ער טוט תשובה. אונ אַז עס קומט אים פאַר דיא אייניגע עבירה אונ ער טוט ווייטער די עבירה. העלפט אים גאַר ניט זיין תשובה. עס איז אַזוי גלייך איינער איז זיך טובל אונ האַלט איין שרץ אונ דער האַנד העלפט אים עפּיס זיין טבילת ווען איינער זאָגט איך וועל טאָן עבירות דער נאָך וועל איך תשובה טאָן. אודער יום כּפּור וועט מכפּר זיין. דאָס העלפט גאַר ניט די עבירות ווערין ניט מכפּר. אונ וואָס איינער זינדיגט

קייגין

קיינין זיין חבר דאס איז יום כפור ניט מכפר נאר ער מוז אים מחילה בעטין. אויך זאל דער מענטש ניט מיינען אז ער פאסט דאס הייסט שוין איין תשובה. ניין נאר תורה מצות צדקה גמילות חסד דאס הייסט איין תשובה. אונזערי חכמים שרייבין ווען איין למדן פאסט פיל תעניתים. זאלין דו הינדר זייני מאל צייפין עסין. רבי זירא ס שכנים זענען געוועזן גרויסע רשעים. האט זיי רבי זירא שטארק מקרב געוועזן. וואריון ער האט געוואלט זיי זאלין פארט תשובה טאן. ווי רבי זירא איז געשטארבען האבען די רשעים געזאגט אז רבי זירא האט גילעבט האבען מיר גיקאנט תשובה טאן ווארין ער וואלט פאר אונז געוועזן מתפלל געוועזן דרום דארף מען די רשעים מקרב זיין ניט צו דער וייטערין. טאמיר וועלין זיי תשובה טאן. אונזערע חכמים שרייבין עס איז גלייכיר איין מאל צו האבין חרפה אונ זיין הארץ איידער מען זאל געבין יענים הונדערט שלעק: אונזערע חכמים שרייבין ווי גרויס תשובה איז פאר הקב"ה אז השי"ת האט דעם מלך ירבעם אונ זיין קלייד אן גינומען אונ האט אים גיזאגט טוא תשובה. ווארין איך השם יתברך אונ דוא אונ דוד המלך וועלין מיר צווא זאמען אונ גן עדן שפאצירין גיין. זאגט ירבעם ווער וועט צום ערשטען גיין. זאגט אים הקדוש ברוך הוא דוד המלך וועט צום ערשטען גיין. אזוי זאגט ירבעם וויל איך קיין תשובה ניט טאן:

## פרק שנים ועשרים

איין דעם פרק ווערט גישריבין ווי אזוי מאן אונ ווייב זאלין זיך פירען. זיי מאגין רייך אודער ארום זיין. אזוי וועלין אים זייני טעג טאפיל זיין. אונזערי חכמים שרייבען איין אשה איז לויטער צואה. פון דעסט וועגין ווי חשוב זיא איז נאך. דאס הייסט איטליכער מענטש וויל איין ווייב האבין ער קאן אהן איר ניט זיין. אהן ברויט קאן ער זיין אונ אהן איין ווייב ניט. דער ערשטער דרך ארץ איז אז ער זאל אונטער זיין ווייב ניט גיין. מכל שכן אונטער א פרעמדע אשה. מען זאל ליבערש אונטער איין לייב גיין איידער אונטער איין פרויא. אויך זאל ער ניט ריידין הצפה אודער ניבול פה אפילו מיט זיין אייגין ווייב. ווארון נאך דעם טויט רעכונט מען אים דאס פאר איין עבירה. רבי יוסי הט באגעגנט אליהו הנביא. זאגט ער צו אים עס שטייט אונ דער תורה גאט האט גיזאגט איך וועל דעם מענטש איין הולף געבין. דאס האט השי"ת גימיינט איין פרויא. פרעג איך דיך מיט וואס קאן איין פרויא דעם מענטשין צו הילף זיין. זאגט אים אליהו הנביא. ווען דער מענטש קופט ווייץ קאן ער דען דעם ווייץ עסין אודער ווען ער קופט פלאקס קאן ער דען דאס אהן טאן. דרום האט אים השי"ת גיגעבין איין פרויא זיא זאל ערשט דעם ווייץ מאלין אונ באקין ברויט. אונ דעם פלאקס זאל זיא שפינען. דעסט גלייכין אנדערי זאכין קאן ער ניט באקומין צייטון דו פרויא העלפט אים צו. איין גוט ווייב איז איין גוטע מתנה צום מאן. איין בייז ווייב איז איין צרעת פר דעם מאן. וואס זשע זאל ער טאן. זאל ער איר גט געבין וועט ער גיהיילט ווערין פון דעם צרעת: נאך איין רפואה האבען אונזערי חכמים צו דער מכה גיזאגט עס איז איין שפראך ווארט. ווען דוא האסט איין בייז ווייב. אזוי נעם דיר נאך איינע. דאס איז בעסיר אלעס וואלסט איר גיגעבין הונדערט שטעקונם. ווער עס האט איין גוט ווייב. דעם איז וואל זייני טעג באקומען איהם אזוי גוט גלייך ער וואלט טאפיל גילעבט אלעס איין אנדערער. פערציג טעג איידער דער מענטש ווערט גיבוירין רופט מען אויס אונ הימעל אז דו טאכטער פון דעם זאל דער אונ דער מענטש נעמין. דאס איז נאר ביי דעם ערשטין פאר פאלק. אבער אז ער נעמט דאס אנדערי ווייב גוט מען אים נאך זייני מעשים. איז ער פרום גוט מען אים איין גוט ווייב. איז ער חס ושלום ניט פרום. באקומט ער איין בייז ווייב. אונ דאס איז שווער ביי הקדוש ברוך הוא אזוי ווי קריעת ים סוף:

מַעֲשֶׂה איין קיסרתה האט גיפרעגט רבי יוסי ווי לאנג האט גידוערט ביי איער גאט דוא וועלט וואס ער האט בשאפין. האט ער איהר גיזאגט זעקס טאג האט גידוערט. זאגט זיא וואס זע טוהט איצונד איער גאט. האט איר רבי יוסי גיזאגט נאך זוצט אונ מאכט שידוכים אז דער זאל נעמין דעם טאכטער. אונ דאס געלט פון דעם זאל נעמין דער. זאגט דו קיסרתה איז דען דאס אזא גרויסע קונסט אז מען זאל אזא גרויסע צייט פאר ברענגין איבער דעם. איך האב טויזנד קנעכט אונ טויזנד מיידין. אזוי וועל איך אויך זיי שידוכים ריידין אז דו מויד זאל נעמין דעם קנעכט. אונ דער קנעכט זאל נעמין דוא מויד. זאגט רבי יוסי ביי דיר איז דאס איין קליינע זאך. אונ ביי גאט איז דאס גאר איין שווערע זאך. אזו איז דער גוטער רבי יוסי פון איר אוועק גיגאנגין. וואס טוהט דו קיסרתה זיא האט אירע אלע עבדים אונ דונסט מיידין צוא זאמען גירופען אונ האט זיי משדך גיוועזן. דער קנעכט זאל נעמין דו מויד. אונ דו מויד זאל נעמין דעם קנעכט. ביז זיא האט זיי אלי משדך גיוועזן: דאס האט גידוערט איבער איין נאכט. צו מארגנס פרוא קומען זיי אלי פאר דער קיסרתה איינער בלינד. איינער לאם. איינער מויב. אכלל איבער דער איינער נאכט וענין זיי אלי גיווארן פאר קאליקים. אזו פרעגט זיי דו קיסרתה וואס וילט איר. וואס איר זענט אלי צו זאמין גיקומין. דא זאגט דו מויד איך וויל ניט דעם קנעכט. אונ דער קנעכט זאגט איך וויל ניט דוא מויד. אקיצור עס איז ניט גיוועזן איינער וואס ער זאל גיוועזן וועלין דעם שידוך. דער ווייל איז גיקומען רבי יוסי. זאגט אים דו קיסרתה ליבער רבי. איצונד ווייס איך אז קיין שום גאט איז ניט אזוי ווי איער גאט. איער תורה איז אמת. איצונד ווייס איך ווי אמת דו האסט מיר גיזאגט. זאגט רבי יוסי איך האב זיך דיר גיזאגט. אז דוא האלסט דאס פאר גרונג. אונ ביי גאט איז דאס גאר שטארק שווער אזוי ווי קריעת ים סוף. ווארין צו ציטין האט דו פרוא איין חסרון אודער זיא איז בייז. אונ דאך מוז זיא דער מאן נעמין. ווארן דאס וואס אים בשערט איז פון השי״ת פון דעם מוז ער צו פרידין זיין דרום איז דאס ביי השי״ת אזוי שווער. אונ אז דער מענטש נעמט דאס אנדערע ווייב איז שון נאך זיינע מעשים גאך באם ער איז פרום האט ער איין גוט ווייב. דאך האט דער מענטש ניט קיין נחת רוח נאר פון דעם ערשטין ווייב. אזוי ווי מיר גיפונין אז השי״ת זאגט באם איר וועט ניט פרום זיין. אזוי וועל איך איערע קונדער געבין צוא איין אנדערע מוטער. דאס איז איין גרויסע קללה. אז איטליכער זאל דרויף מתפלל זיין. אז השי״ת זאל אים דער פון אפ היטען אונזערע חכמים שרייבין ווען גאט וויל איינים שטראפין אונ דער האט קיין געלד ניט אז ער זאל אים שטראפין ער זאל דאס געלד אהן ווערין. אזו נעמט ער ביי אים צו זיין ווייב. אונ דאס ווייב שטארבט קיינים ניט אפ נאר דעם מאן. אויך שטארבט דער מאן קיינים ניט אפ נאר דעם ווייב. אז דאס ווייב וויל נאך איין מאל תתוגה האבן. מאכט זיך אז דורך דוא קינדער קאן זיא ניט תתוגה האבן. אודער אירע עלטערן לאזין זיא שון ניט תתוגה האבן. דרום פאר ברענגט זיא שון אזוי אירע יארין. דעם וואס עס שטארבט ר״ל דאס ווייב איז גלייך ווי אונ דעם טאג וואלט דם בית המקדש חרוב גיווארן. ווען איינער האלט ניט זיין נדר איז דער עונש דאס זיין ווייב ר״ל שטארבט. אונ ארץ ישראל ווער עס האט תתוגה גיהאט האט טען אים גיזאגט. האסטו איין גוט ווייב. האסטו בלויז אלעס גוטס. האסטו איין בייז ווייב איז גאר ערגיר אז עס דער טויט. איין בייזי פרוא איז איין מצוה גט צו געבין. ווער עס האט איין בייז ווייב אונ קאן איר קיין גט ניט געבין ווייל ער האט ניט דוא כתובה צוא באצאלין דעם איז גאר ביטער. אויך גיהער איטליכער זיך בצניעות האלטין ווען ער איז משמש המטה. אזוי ווי מיר גיפונען אז דו פאר ציטונגע לייט האבן זיך בצניעות גיהאלטין. רבה בן רב הונא ווען ער האט זיך גיוואלט מיט זיין ווייב באהעפטין. האט ער צום ערשטין מיט דעם גלאק וואס האט גיהאנגין ביי דער טיהר גוט גיקלונגין כדי

דוא אלי הויז מענטשין זאלין אוועק גיין. אביי האט צום ערשטין אלי פליגין אפ גיזאגט
איידער ער האט משמש המטה גיוועז. רב פפא האט פרוער דו מויקין פאר זאגט איידער ער
האט משמש המטה גיוועז. וואָרין מען טאר ניט משמש המטה זיין פאר קיין שום לעבידיג
באשעפניש. ווער עס הייסט זיין ווייב זיא זאל עסים פאר דיטען אויף פרנסה. דער האט
קיין מאל קיין ברכה ניט אונ זיין געלט. ווער עס האט מיט זיין ווייב פאר פאר איין לעכט.
האבען דו קינדער די נכפה חס ושלום. ווער עס איז משמש המטה אונ דעם בעט ווי איין
קינד שלאפט איז פאר דעם קינד איין גרויסע סכנה. דאס קאן אויך חלילה דו נכפה האבען.
אונ אז דאס קינד איז נאך קיין יאר ניט אלט דארף ער דרויף לייגין זיין האנד. אודער זיין
פוס בשעת מעשה: אונ ווער עס שטייט נאקיט פאר איין לעכט דער זעלבער קאן חלילה
דו נכפה האבען: אונזערי חכמים שרייבין ווער עס האט זיין ווייב ליב אזוי ווי זיך זעלבסט
אונ ערליך האלט ער זיא נאך מיין וויא זיך זעלבסט. אויף דעם איז גיזאגט גיווארין דוא
זאלסט וויסין אז אונ דיין הויז וועט זיין שלום:

## פרק שלשה ועשרים

אין דעם פרק ווערט גישריבין ווי אזוי דער מענטש זאל זיך האלטין מיט דרך ארץ. ווען
אים שטענדיג גוט זיין:

אונזערי חכמים שרייבין וועלכים איז דו קליינע פרשה אונ דער תורה וואס דו גאנצע תורה
הייגנט אונ איהר. דאס איז ווען דער מענטש ווייסט דעם פסוק פון דרך ארץ
פירט אים הקדוש ברוך הוא ווייטער. אז ער זאל קיין עבירה ניט טאן: אונזערי חכמים שרייבין
ווען דו תורה זאל ניט גיוועז גיגעבין ווערין אויף דער וועלט. דאך וואלט מען זיך פיר זאכין
גיוועז גיקאנט אפ לערנין. דאס ערשטע איז דער מענטש זאל זיך בצניעות האלטין ווען ער
גייט זיין צורך טאן. וואלט מען זיך גיקאנט אפ לערנין פון איין קאץ. זיא טוהט איהר צורך
ווען קיינער זעהט ניט. אונ דער נאך פאר דעקט זיא עס צו. דאס אנדערי איינער זאל ביי
דעם אנדערין ניט גזלינען וואלט מען זיך גיקאנט אפ לערנין פון איין אחמאס. דו אחמאסין
זיי טראגין זיך צו נאף איבער דעם זומער זייער שפייז זיי זאלין האבין איבר דעם ווינטער
אונ זיי זעניין פיל צו זאמען אונ איינס נעמט ניט צו ביי דעם אנדערין. דאס דריטע וואלט
מען זיך אפ גילערונט פון איין טויב מען זאל ניט מזנה זיין. די טויב בהעפט זיך ניט צו
קיין אנדערין נאר צו איר פאהר: דאס פערדי וואלט מען זיך גיקאנט אפ לערנין פון איין
האן וויא אזו מען זאל מיט דרך ארץ זיך נוהג זיין בשעת תשמיש המטה. וואָרין דער האן
זאגט צו דער הין איך וועל דיר קופין איין קלייד עס זאל דיר גרייכין ביז צו דער ערד. אונ
ער לאזט אפ זיין פליגיל אונ זאגט איר זעהסט דאס קלייד וועל איך דיר קויפין. נאך דעם
זאגט ער דער קראם זאל מיר אזו ניט פאלין ווי איך זאל האבין געלד וואלט איך דיר גיבן
גיקויפט. נאר עס פעהלט מיר געלד: רב האט גיזאגט צו זיין זוהן איבי דו האסט דיך שוין
פיל במיהט אונ דער תורה אונ האסט גינוג גילערונט. דאך וועל איך דיך לערנין דרך
ארץ. אז דו קויפסט פון וועג אונ ברענגסט סחורה זאלסטו זעהן דו סחורה פאר קויפין ווען
דער קאריש איז נאך אויף דו שטיוויל. דאס מיינט מען נעם ווייניג פאר דוגסט אונ פאר
קויף. דאס אנדערי איז מאגסט אלעם פאר קויפין. אונ דער נאך האבין דרויף חרטה. נאר ווין
אז דוא האסט פאר קויפט זאלסטו שוין קיין חרטה ניט האבין וואָרין טאמיר וואלט ער דיר
זאער גיווארין. דאס דריטע איז אז דוא פאר קויפסט סחורה געם פרוער צו דאס געלט אונ
לייג דאס אונ ביוטיל ארין. אונ דער נאך גיב דוא סחורה: דאס פערדי געם ליבערש איין
מעסטיל אויף דער ערד ווי איין קארץ אויף דעם בוידים. דאס הייסט עס איז גלייכיר אונ
זיין חיים צו פאר דונין איין גראשין ווי אונ דער פרעמד איין טאלער: דאס פינפטע איז. אז

רו האסט מי מ״ן און דיין שוכר לוף באלד צו דער פרעס. דאס מיינט מען באם דארפסט עפיס איין מלאכה צו טאן און דיין הויז וואדט ניט ביז עס ווערט מיין קאלי גאר טוא תיכף. אויך האט ער אים גיזאגט געלד צו לייען אוף וועקסלין איז ניט גוט ווארין עס קאסט ארבייט איידער מען קריגט צוריק דאס געלד. ווען דיין חבר זאגט דיר עפיס איין זאך און בעט דיך זאלסט עס ניט איבער ריידין פאר קיינים. און ווען די פאלגסט ניט דאס אהן זאג פון דיין חבר האסטו זיבער איין גרויסע עבירה דער פאר. אויך הט ער איהם גיזאגט אז פאר איין שררה זאלסטו ניט דער ציילין אלי דייני גישעפטן ווארון מיט דער צייט קאן ער דיר איין רעה טאן. אויך קיין פרנס זאל מען ניט מאכן פון קיין שיינע משפחה ווארון אז דער פרנס וויל זיך גרויס האלטן קאן מען אים זאגין וואס ביסטו אזוי גרויס ביסטו דען דער גרויסער ייוחס. דרום וועט ער בעסער ווערין. אויך זאלסטו שטענדיג פאלגין דו עצה וואס אלטע לייט זאגין דיר וחאמשע עס וועט זיך דיך דאכטון אז די עצה פון דו אלטי לייט איז קרום און דו עצה פון דוא יונגע לייט איז גוט. פון דעסט וועגין זאלסטו ליבערש טאן דו עצה ווי דו אלטי לייט זאגין דיר. אויך טוא יעדערן כבוד אהן נאך זיין שטאנד נאך. אז בוגות בן בוגות איז גיקומין פאר רבי האט ער גיזאגט טוהט אים כבוד אהן פאר הונדערט גילדין. און אז עס איז גיקומין נאך איין חשובער פאר רבי האט ער גיזאגט עס טוט כבוד פאר צוויי הונדערט גילדין. דאס הייסט יעדערין דארף מען כבוד אהן טאן נאך זיין שטאנד נאך. די זאך וואס טויג ניט פאר דיר זאלסט זיא ניט געבין דיין חבר. דוא תורה העננט זיך אהן צו גלכין וואס ער האלט זיא. אויך זאלסטו זיך ניט מצער זיין אויף דער זאך וואס עס איז שוין פאר ביי גיגאנגין ווארין עס העלפט גאר ניט און עס איז ניט גיזונד. דו חכמים שרייבין אז דער מענטש ווייגט פאר ליידט ער דאס גיזוכט. אין גאר ביז פערציג יאר קומט צוריק דאס גיזוכט. און נאך פערציג יאר קומט שוין דאס גיזוכט ניט צוריק און עס העלפט דער צו קיין שום רפואה ניט. אויך זאלסטו שטענדיג תפלה טאן אז זאלסט ניט דארפין צוא מענטשין. ווארון דו טוב האט גיזאגט רבונו של עולם לאז ליבערש מיין שפייז זיין ביטער אזו ווי איין איילבערט בוים און לאס איך גישפייזט ווערין פון דיר איידער איך זאל גישפייזט ווערן דורך מענטשין אפילו מיט זוסע שפייז. ווארון דו גאב איז ווייניג און דו חרפה איז גרוים. ווען דו זאגסט עפיס צו ציא געבין זעה וויא צוא טאן און זייא מקיים דיין ווארט. אונזערי חכמים שרייבין ווער עס האט ליב זייני שכינים אויך ווער עס איז מקרב זיינע קרובים וואס זענין ארומי לייט. אויף דעם זאגט דער פסוק ווען דו ווילסט רופין צו השי״ת וועט ער דיר העלפין: ווען דוא גייסט מיט איין חשוב אודער מיט איין עלטערין פון דיר זאלסטו אים לאזין גיין לעבין דיין רעכטער האנד. ווער עס גייט אויף דער רעכטער זייט פון זיין רבי דער הייסט איין בור. ווען דו קאנסט דיך מחיה זיין דער מיט וואס זאלסט עפיס פון דיר פאר קויפין. זאלסטו פאר קויפין דאס כלי בית. אבער ניט איין שיין קלייד אודער איין באנטיל. ווארון טאטער וועט דיר גוט זיין ווערטו דארפין איין שיין קלייד. און נאך איין מאל זיך צו מאכין איין שיין קלייד איז שווער. אונזערי חכמים שרייבין אבט ערלייא זאכין איז דא וואס ווייניג זענין זיי גוט און צו פיל איז ניט גוט. למשל צו פיל געלד צו האבין איז ניט גוט און מיטעל מעסיג איז גוט. אסאך מלאכות צוא טאן איז ניט גוט. און ווייניג איז גוט. פיל ווין צו טרונקען טויג ניט. ווייניג איז גוט. פיל שלאף טויג ניט ווייניג איז גוט. פיל ווארום וואסער איז פאר דעם מענטש ניט גוט ווייניג איז גוט. פיל אדער לאזין איז ניט גוט ווייניג איז גוט: פיל צו וואגען מיט דעם ווייב איז ניט גוט אבער ווייניג איז זא גוט. פון אכט ערלייא זאכין וועגין גייט דו זרע אוועק פון דעם מענטש. פון פיל זאלץ. פון פיל הינגער. פון פיל גיזונד. און פון פיל וויינען. און פון פיל שלאפין אויף דער ערד און עסין קערשין אודער קערבסין אום צייטיגי. רב האט אהן גיזאגט זיין זוהן רב חייא ער

זאל גיין זיך צורך טאן אונ בית הכסא אונ דער פריא אונט אויף דער ונאכט . נישט בייא טאג אויך זאל עס זיין שטארק בצניעות . צום ערשטן זאלסט דיך זעצן אונ אונ דער נאך זאלסטו דיך ערשט אויף דעקן זאלסט דיך פרוער צוא דעקן דער נא זאלסט דיך ערשט אויף שטעלין : ווי באלד עס ווערט עפים ביי דיר אונ האוז עפים פאר רעכט דאס תיכף כדי דאס לאך זאל ניט גרעסער ווערין ווען מיין געלד קאסטין . ווילסטו דיין האוז שיין מאכין זאלסטו דוא ווענט פאר רעכטין לובער ניט פון גרונד צו בויען וואורין צו בויען פון גרונד ווערט מען ארום אונ ווען דיא ווילסט קויפין איין פעלד . זאלסט דיך לאנג דינגין אונ זאלסט תיכף קויפין אבער אז דו נעמסט איין ווייב זאלסטו זיך גוט בטראכטן . אויך אז דו נעמסט איין ווייב זאלסטו נעמין מיט איין שטאפיל נידעריגער פון דיר . כדי זיא זאל דיך ערליך האלטין . אקויגין איין שבן זאלסטו דיר נעמין מיט איין שטאפיל העכיר פון דיר . אויך זאלסטו ניט פיל ריידין ווארין אונזערי חכמים האבין גיזאגט דאס ריידין איז ווערט איין גילדין אונ דאס שווייגין איז ווערט צוויי גילדין . דאס שווייגין איז פיל בעסער פון דעם רעדין . אונזערי חכמים שרייבין אז שווייגין שטייט זייער שיין אהן צו דוא קליגע מכל שכן צו דו נאראנים . וואורין אז דו שווייגסט האסטו גיוויס ניט מורא צו האבן זאלסט דיך פר שמוסין : אז דו ווילסט עפיס דיין חבר זאגין זאלסט אים פרוער רופן בייא זיין נאמען דער נאך זאלסטו אים זאגין : יעדער דארף זיין פאר מעגין איין טיילין אונ דרייא חלקים . איין טייל אונ פעלדער . דז אנדערי טייל אונ סחורה . דו דריטע טייל אונ בארעס . אונזערי חכמים שרייבין איטליכער דארף מיט זיין געלד האנדלין . ווער עס האט זיין געלד אונ משא ומתן דער קאן אלי טאג אשטיקיל פלייש עסין אונ ווייין טרונקען . דער וואס האט זיין געלד אונ פעלדער דער קאן מיין ניט עסין נאר ברויט מיט קרויט . אויך מוז ער אויף דער ערד שלאפין . איטליכער דארף זעהן אז ער זאל ניט איבעריג געלד אויס געבין . אונזערי חכמים שרייבין ווער עס וויל זיין געלד אויף איין מאל אויס געבין דער זאל זיך קליידין אונ לויטער לאגן ווס קומט פון רוים דאס קאסט טייער אונ עס איז דין דם גידוועערט ניט לאנג . אויך זאל מען טרונקען פון גוטע גלעזער ווייכי וואס פענקין באלד . אונ אז ער ווערט דונגין ארבייט לייט זאל ער ניט אכטונג געבין אוף זיי . אזו ווערט ער זיין געלד געך אן ווערין . אונזערי חכמים שרייבין דאס איז גלייכער מען זאל איין נבילה אויף דעם מארק אפ ציען איידער מען זאל דארפין צוא מענטשין דאס הייסט מען זאל זיך ניט שעהמין מיט קיין ארבייט וואס פאסט ניט דעם מענטש אביא ניט צוא בדארפין קיין מענטשינס גאב : מען זאל זיך גוט אפ היטען פאר איין אקס ער זאל דיך ניט מזיק זיין : אונזרי חכמים שרייבין אז דער אקס האלט נאך דעם קאפף אונ קארפף זאלסטו אנטלויפין אויף דעם בוידים אונ דו לייטער פון אונטער דיר זאלסטו תיכף אוועק ווארפין . ער זאל ניט קענין צוא דיר צוא קומען . דאס הייסט זיך צו פר היטען פרוער פאר כל א שלעכטס . אונ השי"ת זאל מציל זיין כל ישראל מכל הצרות אמן סלה :

## פרק ארבעה ועשרים

אין דעם פרק ווערט גישריבין וויא אזוי דער מענטש זאל זיך נוהג זיין מיט עסין אונ מיט טרונקען אזוי ווערט אים אונ זייני קינדער וואזל זיין :

שלמה המלך האט גיזאגט מאך דיך לוסטיג ווען דו בסט נאך יונג : אונזערי חכמים שרייבין דוא יוגינט פון דעם מענטש איז גיגלעכין צוא איין קרוין פון רויזן . אונ דו עלטער איז גלייך צו איין קרוין פון דערנער . וויא איז צו דעם ווס עס גייט אוועק אונ קומט ניט צו ריק . דאס מיינט מען דוא יוגינט . עס איז בעסיר צוויי איידיר דריי . דאס מיינט מען עס איז בעסיר אונ דער יוגענט אז מען גייט מיט צוויי פיס איידער דו עלטער ווס מען גייט

מיט איין שטעקן. אויף דער עלטיר באכט זיך אז ער זוכט עפיס וואריין ער גייט איין גיבויגין. שמואל האט גיזאגט צו רבי יהושע מיין שארפער תלמוד מאך אויף דיין זאק און לאז דאס ברויט אריין גיין. דאס הייסט עס און דער יוגענט פיהל ברויט. וואריין ביז פערציג יאר העלפט דעם מענטש דאס עסין. און פון פערציג יאר און ווייטער העלפט דעם מענטש דאס טרונקען. רבי מאיר הט גיזאגט עס און קיא וויל דו ביסט נאך יונג. וועסטו דאס ניפונין אויף דר עלטער און וועסט כח האבין צו גיין. רבי האט גיפרעגט רבי שמעון בן חלפתא פאר וואס ביסטו ניט אויף יום טוב צו מיר גיקומין. אזוי ווי מייני עלטערין זענין צו דייני עלטערין אויף יום טוב גיקומין. ווארון אויף יום טוב דארף איטליכער צו זיין רבי צו גיין. אזו האט רבי שמעון אים גיענטפערט די קלייני בערג זענין הויך גיווארין. דאס הייסט איך בין שוין אלט. זענין דו קלייני בערג פאר מיר שווער גיווארין גלייך זיי וואלטין גאר הויכי בערג גיוועזין. ווס עס איז פרוער נאנט גיוועזין איז איצונד גאר וייט גיווארין. פון צווייא איז גיווארין דריי. דס הייסט פרוער בין איך גיגאנגין מיט דו פים איצונד מוז איך גיין מיט איין שטעקין אויך. וואס עס מאכט און הויז שלום דאס האב איך שוין ניט. דאס הייסט כל זמן דער מענטש איז יונג האט ער חשק צוא זיין פרויא וואס דורך דעם האט ער שלום. אבער אויף דער עלטער האט ער שוין קיין חשק ניט. אזוי קרוגט ער זיך מיט זיין וויב. אויף דער עלטער ווערט דעם מענטש דו נקבים צו גישלאסין. דו מיל מאלט ניט. דס הייסט דער מאגין קאן אויף דער עלטער דאס עסין ניט פאר דייען. און ער שטייט אוף פון דעם שלאף ווען ער דער הערט איין פויגיל זינגין. אוף דער עלטער קאן מען ניט שלאפין. אויך שמעקט אים ניט קיין שום גיזאנג. ער האט צו קיין שום זאך קיין חשק ניט. אויך זאלסטו ניט עסין קיין גוטע עסינס. אונזערי חכמים שרייבין מען זאל עסין אזעליכע מאכלים וואס קאסטין ניט קיין סאך געלד קאן מען שלום לעבין וועט מען קיין חובות ניט האבין. ווען דו דארפסט איין סעודה צו מאכין זאלסטו ליבערש מאכין ביי טאג וואדן ביי נאכט עכט דער מענטש מיין ווי ביי טאג. אויך ביי נאכט זעהט מען ניט וואס מען עסט אבער בייא טאג זעהט מען קומט דו ברכה צו וויל דאס און זעהט ווערט מען אביסיל זאט. דאס איז דער טעם וואס איין בלינדער עסט און ווערט ניט זאט ווייל ער זעהט ניט ווארין דער וואס הט און זיין הויז ברויט דער עסט ניט אזוי פוהל ווי דער וואס גייט קויפין ברויט דאס איז ווייל ער זעהט עס פאר דו אויגין ווערט ער זאט. בעת דער מענטש עסט זאל ער ניט ריידין ווייל דאס איז איין סכנה. אויך זאלין קיין סך מענטשין און דיין הויז ניט שטענדיג קומין. כדי עס זאל דער פון קיין רכולות מיט לשון הרע ניט ארויס קומען. אויך זאלסטו אזעליכע ניט בעטין צום עסין וואס דוא ווייסט אז ער וועט ניט עסין ווייל דאס הייסט גונב דעת. אויך זאל מען ניט מכבד זיין עס מאג זיין ווער עס וויל אז ער ווייסט אז ער וועט דעם כיבוד ניט אהן נעמין. ווען איינער קומט צוא זיין חבר צוא גאסט זאל ער ניט אוועק געבין פון טיש קיין שום זאך אפילו דעם בעל הבית קינדער אויך ניט צייטין ער נעמט רשות פון דעם בעל הבית:

מעשה איינער האט פאר בעטין דריי אורחים. דענסמאלט איז גיוועזין רבה חמא ליצלן איין הונגער האט דער בעל הבית מער ניט גיהאט מכבד צו זיין דו אורחים נאר מיט דרייא אייער. וויא דו אורחים זענען גיזעסין ביי דעם טיש. איז צו גיקומען דעם בעל הבית קינד האט איין אורח אוועק גיגעבין זיין איי. אזוי האט דער אנדערער אורח אויך דעם קינד גיגעבין זיין איי. אזוי האט דער דריטער אורח אויך זיין איי אוועק גיגעבען. ווי דער פאטער איז צו גיקומען זעהט ער וויא דאס קינד האלט איין איי און דעם מויל. און דו אנדערי צווייא אייער האלט ער אין דו הענד. אזוי נעמט דער בעל הבית דאס קינד און ווארפט עס צו דער ערד איז דאס קינד טויט גיבליבען. ווי דו מוטער האט דאס גיזעהן איז זיא ארויף אויף

דעם דאך אונ האט זיך אראפ גיווארפין אונ זיא איז אויך גיבליבין טויט . ווי דער פאטער האט דאס גיזעהן איז ער אויך אויף דעם דאך ארויף אונ זיך ממית גיוועזן . דרום דארף יעדער זעהן אז דורך דריי אייער זענען דריי נפשות אום גיקומען . דרום זאל קיין אורח פון טיש גאר ניט אראפ געבין . אויך דארף איטליכער דרך ארץ צוא האבין ער זאל ניט עסין ווי איין בהמה גאר ער זאל זיך מאכין איין גיזעצטע צייט ווען ער זאל עסין זיין סעודה . אונזערי חכמים שרייבין איידער משה רבינו איז גיוועזן האבען די ישראל זיך גיפירט אזוי ווי די הינער זיי האבען איין גאנצי טאג גיגעסין . ווי משה רבינו איז גיקומען האט ער גימאכט אז זיי זאלין עסין מאל צייטין . אויך דארף יעדער צו זעהן ער זאל ניט אויס געבין אויף אכילה ושתיה גאר לויט זיין פאר מעגין . ווער עס גיוויינט זיך צו עסין פעט פלייש . לסוף מוז ער זיך בהאלטין אויף דעם בוידים פאר די בעלי חובות . אבער ווער עס גיוויינט זיך צוא עסין קרויט מיט ברויט דער מעג פריי גיין אויף דער גאס . ער האט ניט קיין מורא פאר קיין בעלי חובות זאלין אים מאנין . אויך ווען דער בעל הבית עסט זאל ער דעם משרת אודער דער דינסט עט וואס פון דעם עסין געבין . אונזערי חכמים שרייבין ווער עס עסט אפילו פעט פלייש אונ טרונקט אלטין ויין דאך מוז ער עפים דער פון זיין בני בית געבען . איינער האט גיהייסין אביה . אונ איינער האט גיהייסין בנימין בר אהו . איינער האט זיין בני בית גיגעבין פון אלים וואס ער האט גיגעסין דער פאר האט ער זוכה גיוועזן דאס אליהו האט מיט אים אויפט מאל גירעט . אונ דער אנדערער פלעגט זיין בני בית קיין מאל ניט צו געבין פון דעם עסין וואס ער האט גיגעסין מיט אים האט אליהו הנביא קיין מאל ניט גירעט . אויך זאל מען דעם משרת אודער דער דינסט צום ערשטין געבין צו עסין . רב אמימר אונ מר זוטרא אונ רב אשי זענין אלי גיזעסין פאר דעם שלאס פון דעם מלך אונ דער זעלבער צייט האט מען גיטראגין דעם מלך עסין . האט רב אשי גיזעהן ווי מר זוטרא איז עפים בלייך גיווארין ווייל ער האט גיזעהן דאס עסין אונ ער האט דער פון ניט פאר זוכט . אזוי האט רב אשי זיין פינגער איין גישטעקט אונ דעם עסין אונ האט גיגעבין מר זוטרא צו שמעקין . כדי ער זאל אונ קיין סכנה ניט זיין . ווייא דער קעך מיינסטער האט דאס גיזעהן אז ער האט אונ דעם מלך'ס עסין זיין פינגער איין גישטעקט . פרעגט ער רב אשי ווי פאלקסט עס אויס צוא טאן וויא מאגסטו עס טאן . זאגט רב אשי צום קעך מיינסטער פאר וואס האסטו גיגעבין דעם מלך עסין וואס דאס איז ניט ריין . זאגט דער קעך מיינסטער צו רב אשי דו זאלסט וויסען אז איך האב דאס עסין גוט ארום גיקוקט אונ עס איז ריין אונ דוא ביסט ווערט זאלסט זיצין תפיסה . ווייל דו האסט גישטעקט דעם פינגער אונ דעם מלך עסין . זאגט רב אשי צום קעך מייסטער האסטו גיזעהן אויף דעם אורט אויב עס איז ריין . איז איין נס גישעהן וואס דאס עסין איז ניט גיוועזן ריין . אזוי האט דער קאך מייסטער גיבעטין רב אשי אז ער זאל שטיל שווייגין . אזוי פרעגין די רבנים צו רב אשי ווי אזוי האסטו דיך פאר לאזט אויף איין נס . ווארין עס זאל דיר קיין נס ניט גיזעהן גישעהן וואס דאס עסין איז אויף דעם אורט ניט ריין גיוועזן וואלסטו דאך גיוועזן גיהאט איין בלבול פאר וואס דו האסט אונ דעם מלך'ס עסין דיין פינגער ארין גישטעקט . זאגט רב אשי איך האב גיזעהן ווי דאס אום ריינקייט איז גיפלויגען איבער דעם עסין . דרום האב איך גיוויסט אז עס וועט מיר איין נס גישעהן . דער וואס עסט אונ דער גאס דער איז גליך צו איין הונד אטייל לייט זאגין אז ער איז פסול ל' עדות . רב האט אן גיזאגט זיין זוהן רבי חייא ווען דוא טרונקסט מיט דיין חבר משקה זאלסטו פריער אויס שווענקין דעם כוס אונ אז דו טרינקסט אויס זאלסטו ווידער אויס שווענקין אונ זאלסט ערשט געבין דיין חבר . אונ אז דוא טרונקסט וואסער זאלסטו אפ גיסין אונ דער נאך זאלסטו געבען דיין חבר :

מעשה רבי האט גיהאט איין גאכט ביי זיך ווי זייא האבין אפ גיגעסין. אזוי זאגט רבי צום נאכט ליבער מאן צוא ווילסטו דעם כוס צו בענטשין צוא ווילסטו ליבערש דער פאר פערציג גילדין. זאגט דער נאכט איך וויל ליבער דעם כוס צו בענטשין. איז גיקומען איין בת קול פון הימיל אז דער כוס פון בענטשין איז מיין ווערט וויא פופציג גילדין. וואריך לעתיד לבא וועט מען דעם כוס פון בענטשין דוד המלך געבין. במהרה בימינו אמן סלה :

# פרק חמשה ועשרים

אין דעם פרק ווערט נישריבען וואס פאר צייטונגם האט זיך גיטראפען צו די פרומע לייט. השי"ת זאל אונז העלפין מיר זאלין דעם זכות גינוסין אמן :

רבי שמעון בן יוחאי האט גיזאגט איך האב גיזעהן אונ הימיל אז די מענטשין זענען נאר וויניג. גאנץ אויבין לעבין השי"ת זוצין טויזנד מענטשין צווישין זיי בין איך מיט מיין זוהן אויך גירעכונט צווישין. ארונטער אביסיל איז מיין ניט דא נאר הונדערט וואס איך אונ מיין זוהן זענין מיר אויך צווישין זיי. נאך ארונטער אביסיל איז מיין ניט דאגאר צוויא איך אונ מיין זוהן. אויך זאגט רבי שמעון בן יוחאי מיט מיין פרומקייט קאן איך פאטירין די גאנציבוועלט פון דעם עונש פון עולם הבא. פון דער צייט אהן וואס איך בין גיבארין גיווארין ביז איצונד. אונ איך מיט מיין זוהן אלעזר איז אונזער זכות אזוי גרוים אז מיר קאנען פאטירין די גאנצי וועלט פון דעם עונש פון עולם הבא צייט די וועלט איז בשאפין גיווארין ביז איצונד. אונ ווען דער זוהן יוחנן איז אויך מיט אונז אזוי קאנען מיר פאטירין די גאנצי וועלט פון דעם עונש פון צייט אן די וועלט איז בשאפין גיווארין ביז זיא דארף נאך צו שטיין. עס איז גיוועזן איינער אבא שאול וואס ער האט גיהאט וויין צו פאר קויפין. ער האט שטענדיג זיין וויין אפ גימאסטען אונ איין פאס אריין. ער האט געוויסט ווי פיל וויין ער הט גיהאט. אונ אלע מאל פלעגט ער איבער מעסטין דוא רעשט וויין אז ער זאל וויסען וויא פיל ער האט פאר קויפט. אזוי האט ער גיזעהן אז לויט ער האט פאר קויפט איז אים גיבליבין מיין ווי עס האט גידארפין צו זיין. דאס איז גיוועזן ווייל ווען מען גיסט אונ דער מאס אריין דעם וויין איז אויבין דא שאם איז דוא מאס ניט פיל. אונ איין קארצי צייט האט ער גיהאט איבעריג דריי הונדערט פעסער וויין. זיין חבר האט גיהאט איל צוא פאר קויפין האט זיך ביי אים אויך אהן גיזאמילט דרייא הונדערט פעסער איל וואס זייא זענען גיוועזן מיין לויט חשבון ווי פיל דאס האט גידארפט צו זיין. דאס איז אויך גיוועזן ווייל ווען מען גיסט אוים דעם איל פון דער מאס בלייבט דאך איבער אונ דער מאס איל. אזוי האבין די ביידי חברים בארעכונט ווי די דריי הונדערט פעסלעך איל אונ וויין זענען ווערט אונ האבען גינומען דאס געלד אונ האבין דאס גיפירט קיין ירושלים צו די גבאים אונ האבען דאס געלד מקדיש גיוועזן. אזוי זאגין די גבאים איר דארפט דאס געלד ניט מקדיש זיין. דאס הייסט ניט קיין גזלה ווארון די מענטשין וואס האבין גיקויפט איל אודער וויין. זיי האבין גיזעהן אז אויף דעם וויין איז דא שאם. אונ דער איל איז אביסיל אהן גיקלעפט אהן דער מאס. גיוויס האבין זיי אייך דאס מוחל גיוועזן. אזוי זאגין דוא צוויי חבירים דאך ווילין מיר פון דעם געלד קיין הנאה ניט האבין. ווייל עס איז אונז גיקומען איבעריג. זאגין די גבאים זייל איר זענט יוא אויף אייך אזוי מחמיר. נעמט דאס געלד אונ מאכט דער פאר בריקין אונ בריגים. אודער אנדערי זאכין וואס יעדער. זאל דער פון הנאה האבין. ווארון ווען איינער הט גיזעהן געלד אונ ער וויל עס אפ געבין נאר ער ווייסט ניט וועמין דאס אפ צו געבין. מוז ער לאזין מאכין פאר דעם געלד אזעלכי זאכען דאס יעדער זאל דער פון הנאת האבין. רבי פלעגט אלי פרייטוג צו נאכטס אהיים צו קומען ווען ער איז שוין גישטארבין איין מאל פרייטוג צו נאכטס האבין די שכינים אהן גיקלאפט האט מען זיי געענטפערט אז

מען קאן זיי ערשט ניט אריין לאזן. ווייל רבי איז דא ביי זיי. ווי רבי הט דאס גיהערט איז ער שוין מיין ניט ניקומן. כדי מען זאל ניט זאגין אז דרום קומן ניט אנדערי מענטשין נאך זייער טויט. חייל זיי זענין ניט אזוי פרום. דעם זעלבין טאג ווי רבי איז גישטארבין איז ארויס איין בת קול פון הימיל. אז ווער עס וועט גיין צו רבים לויה דער מענטש איז אהן גיברייט צו עולם הבא. איין וועשיר איז גיוועזן אז ער פלעגט יעדער טאג צו גיין צוא רבי. אונ דעם טאג ווען רבי איז גישטארבין האט ער ניט גיקאנט גיין. ווייל ער האט פיל ארבייט גיהאט. ווי ער הט גיהערט דאס בת קול פון הימיל. האט ער גיהאט גרויסי יסורים וואס ער וועט ניט קאנן זיין ביי דער לויה. אזו האט ער זיך אראפ גיווארפון פון איין בוידים אונ איז באלד גישטארבין אזוי איז ארויס איין בת קול אז דער וועשער איז אויך אן גיברייט העולם הבא: אונ דער שטאט וואס הייסט מורא איז גיוועזן רחמנא ליצלן איין מגפה. אונ דער צייל ווי רב האט גיוואוינט איז קיינער ניט גישטארבן האבין די לייט גימיינט אז אונ רב זכות וואס ער זוצט לעבין זיי ווערין זיי אלי ניצול. איז גיקומן די לייט צו חלום. אמת רב זכות איז זייער גרויס ביי א רב איז דאס ניט קיין גרויסער נס. נאר זייא ווערין ניצול ווייל צווישין זיי זוצט איינער וואס לייעט שטענדיג לאפיטים צו בגראבין מתים. דרום גוט מען אים מדה כנגד מדה. אז אונ זיין זכות ווערין זיי ניצול. אז מען זאל אים אונ דוא גאנצע לייט פון דער צייל ניט ביי גראבין: אונ דער שטאט דרוקרי איז גיוועזן איין שריפה. אונ דער צייל ווי רב הונא איז גיוועסין איז קיין שריפה ניט גיוועהן. די מענטשין האבין גירעכנט אז זיי ווערין ניצול אונ רב הונא"ס זכות. איז זיי גיקומן צו חלום אז רב הונא"ס זכות איז זייער גרוס. דאס איז ביי בר רב הונא נאר קיין גרוס נס ניט. נאר זיי ווערין ניצול. חייל אונ דער צייל איז דא איין אשה וואס זיא הייצט אום איר באק אויוון נאר אלי ערב שבת אונ ווייטער ווער עס וויל בייא איר באקין גוט זיא דעם אויבין. דרום איז דוא גאנצי צאל ניצול גיווארין פון דער שריפה ווארן גאט גוט מדה כנגד מדה:

מעשה איין פרויא הט גיבויעט אהויז ווי דאס הויז איז שוין פארטיג גיוועזן ועהט די פרויא אז דאס הויז איז אונ גאנצין קרום ווארין דער באלקין איז ניט גלייך גילייגט וואס טוט דוא פרויא. רבי חנינא בן דוסא איז גיוועזן איר שכן אזו גייט זיא צוא אים אונ זאגט ליבער רבי איך האב מיר איין הויז גיבויעט אונ עס איז ניט גלייך ווייל דער באלקין איז קרום. אזוי פרעגט ער זיא ווי זיא הייסט. זאגט זיא עכו. זאגט רבי חנינא. ווייל דו הייסט אזוי זאלין זיך די בעלקים פון דיין הויז גלייך לייגין. אזוי איז דאס הויז באלד גלייך גיווארין די שטאט מענטשין האבין גיזאגט אז רבי חנינא האט דאס הויז גיבויעט מיט זיין תפלה:

עס איז גיוועזן צוויי שטומע לייט זיי פלעגין שטענדיג גיין אונ רבי"ס בית המדרש אריין. אונ ווען רבי איז גיקומן אונ בית המדרש פלעגין זיי שאקלין מיט די קעפ אונ פאר קרומין מיט די לעפצין. איין מאל האט רבי תפלה גיטאן פאר זייערט וועגין דאס זיי זענין ניהיילט גיווארין גלייך ווי אלי מענטשין. זיי זענין גיווארן גרויסע לומדים פון דעם וואס זיי האבין נאר צו גיהערט דוא תורה פון רבי יעדער האט זיך אויף דעם גיוויגדערט איינער פון זייא האט גיהייסן הנון הנחבא. ער איז גיוועזן פון איין טאכטער פון חוני המעגל. וואס ווען די וועלט האט גיבארפון רעגין. האבין זיי די קינדער פון די חדרים צו אים גישיקט. אונ זייא האבין אים אהן גינומין ביי זיין מאנטיל אונ האבין גיזאגט פאטער פאטער גיב אונז רעגין. האט ער מתפלל גיוועזן האט התיכף גירעגינט. די גזלנים האבין אוועק גיגאנבית דאס אייזיל פון רב פנחס בן יאיר. אבער וואס די גזלנים האבין דעם אייזיל גיגעבין צו עסין האט דאס ניט גיוואלט. ווי עס איז פאר ביי גיגאנגין דריי טאג זאגין דוא גזלנים וואס טוג אונז דוא נבילה. אז דאס אייזיל וויל ניט עסין וועט עס דאך שטארבין. אזו האבין די גזלנים דאס

אייזיל

אֵייזִיל אָפּ גִישׁוּקְט צוּא רַבִּי פִּנְחָס בֶּן יָאִיר. וְוִיא דָאס אֵייזִיל אִיז אַהֵיים גִיקוּמִין הָאט עֶס גִישְׁרוּגִין. זָאגְט רַבִּי פִּנְחָס גוּט דֶעם אֵייזִיל עֶפִּיס צוּא עֶסִין וָוארוּן עֶס הָאט שׁוֹין דְרַיי טָאג בַּיי דוּא גַזְלָנִים נִיט גִיגֶעסִין וַוייל זַייעֶר תְּבוּאָה אִיז לוֹיטֶער גְזֵילָה. גֶעבִּין זַייא דֶעם אֵייזִיל אַבִּיסִיל גֶערְשְׁטִין אָבֶּער דָאס אֵייזִיל וִויל נִיט עֶסִין. זָאגִין דִי לַייט צוּא רַבִּי פִּנְחָס וָואס דָאס קָאן זַיין וָואס דָאס אֵייזִיל וִויל דֶעם גֶערְשְׁטִין נִיט עֶסִין. זָאגְט רַבִּי פִּנְחָס גִיוִויס הָאט אִיר נָאךְ קֵיין מַעֲשֵׂר פוּן דֶעם גֶערְשְׁטִין נִיט גִיגֶעבִּין. דְרוּם וִויל דָאס אֵייזִיל נִיט עֶסִין: רַב יוֹסֵף פְּלֶעגְט זִיךְ אַלִי עֶרֶב שְׁבוּעוֹת אֵיין קָאלְב בְּשַׁאפִין. אוּנ הָאט גִיגֶעסִין לְכָבוֹד יוֹם טוֹב. רַבִּי חֲנִינָא בֶּן דוֹסָא אִיז גִיוֶוען אוּנְטֶער וֶועגִינְס אִיז גִיוֶוען אַ שְׁטַארְקֶער רֶעגִין. הָאט רַבִּי חֲנִינָא תְּפִלָּה גִיטָאן אוּנ הָאט גִיזָאגְט רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. דִי גַאנְצֶע וֶועלְט לֶעבְּט אוּנ פְרֵיידִין. אוּנ אִיךְ זָאל הָאבִּין צַעַר פוּן דֶעם רֶעגִין אַזוֹי אִיז בַּאלְד דֶער רֶעגִין אוֹיף גִיהֶערְט. וְוִי עֶר אִיז אַהֵיים גִיקוּמִין זָאגְט עֶר רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז אִין צַעַר וָואס מֶען בַּארְף רֶעגִין. אוּנ אִיךְ זָאל לֶעבִּין אוּנ פְרֵיידִין וָואס דֶער רֶעגִין גֵייט נִיט. אַזוֹי אִיז ווִידֶער דֶער רֶעגִין גִיקוּמִין: רַב דָנִיאֵל בֶּן קַטִינָא עֶר הָאט גִיהַאט אֵיין גָארְטִין פְּלֶעגְט עֶר אַלִי טָאג גֵיין אוּנ גָארְטִין אַלֵיין אוּנ הָאט אָהְן גִיצֵייכִינְט דִי עֶרְטֶער וָואס בַּארְפִין רֶעגִין אוּנ דִי עֶרְטֶער וָואס בַּארְפִין נִיט קֵיין רֶעגִין. אִיז אַזוֹי גִיוֶוען אִיז גִיקוּמֶען רֶעגִין אוֹיף דִי עֶרְטֶער וָואס מֶען הָאט גִידַארְפִין רֶעגִין. אוּנ אוֹיף דִי עֶרְטֶער וָואס מֶען הָאט נִיט גִידַארְפִין הָאט נִיט גִירֶעגִינְט. רַב הוּנָא פְּלֶעגְט דִי טֶעג וָואס עֶס אִיז גִיוֶוען אֵיין ווִינְט צוּ פָּארוּז אוּנ דֶער שְׁטָאט אוּנ אֵיין גִילְדִינֶע קַארוּטֶע אוּנ הָאט גִיזֶעהֶן דִי הַייזֶער וָואס זֶענִין גִיוֶוען קַאלִי. בְּאִם עֶס אִיז גִיוֶוען אֵיין נָגִיד״ס הוֹיז הָט עֶס דֶער נָגִיד גִימוּזְט פַאר רֶעכְטִין. אוּנ אַז עֶס אִיז גִיוֶוען אֵיין עָנִי״ס הָאט דָאס רַב הוּנָא פַאר זַיין גֶעלְד גִילָאזְט פַאר רֶעכְטִין. כְּדֵי עֶס זָאל חָלִילָה קֵיין מִכְשׁוֹל נִיט זַיין: רַבִּי יִצְחָק בֶּן אֱלִישָׁע פְּלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג זַיין בַּיי רַבִּי מָנוּ. אֵיין מָאל זָאגְט רַבִּי יִצְחָק צוּ רַבִּי מָנוּ לִיבֶּער רַבִּי מַיין שְׁוֶוערִס לַייט טוּעֶן מִיר אָהְן צָרוֹת. וַוייל זַיי זֶענִין גְרוֹיסֶע עֲשִׁירִים. זָאגְט רַבִּי מָנוּ לָאז גָאט גֶעבִּין אַז זַיי זָאלִין אָרוּם וֶוערִין אוּנ בַּאלְד אַזוֹי דָאס מְקוּיָם גִיוָוארִין אוּנ זַיי זֶענִין אָרוּם גִיוָוארִין. אוּנ אֵיין צַייט אַרוּם זָאגְט עֶר לִיבֶּער רַבִּי אִיךְ הָאבּ נָאךְ מֶער צָרוֹת וָואס זַיי זֶענִין אָרוּם. וַוייל זַיי ווִילִין בַּיי מִיר גֶעלְד. זָאגְט רַבִּי מָנוּ לָאז גָאט גֶעבִּין אַז זַיי זָאלִין צוּרִיק רַייךְ וֶוערִין. אוּנ זַיי זֶענִין בַּאלְד צוּרִיק עֲשִׁירִים גִיוָוארִין. אֵיין מָאל קְלָאגְט זִיךְ וַוייטֶער רַבִּי יִצְחָק לִיבֶּער רַבִּי אִיךְ הָאבּ קֵיין נַחַת נִיט פוּן מַיין פְרוֹיא. זָאגְט רַבִּי מָנוּ ווִי אַזוֹי הֵייסְט זִיא זָאגְט עֶר זִיא הֵייסְט חַנָּה. זָאגְט עֶר וַוייל זִיא הֵייסְט חַנָּה זָאל זִיא שֵׁיין וֶוערִין. אוּנ עֶס אִיז אַזוֹי גִישֶׁעהֶן אַז זוּא אִיז שֵׁיין גִיוָוארִין. אוּנ אֵיין קָארְצֶע צַייט זָאגְט עֶר לִיבֶּר רַבִּי וַוייל מַיין פְרוֹיא אִיז זַייעֶר שֵׁיין הַאלְט זִיא זִיךְ קֵייגִין מִיר גָאר גְרוֹיס זִיא פָאלְגְט מִיךְ נִיט. זָאגְט רַבִּי מָנוּ עֶויד זִיא גֶעמְט זִיךְ אִיבֶּער פַאר דִיר זָאל זִיא ווִידֶער שְׁוַוארְץ וֶוערִין. אוּנ עֶס אִיז אַזוֹי גִישֶׁעהֶן אַז זִיא אִיז בַּאלְד ווִידֶער שְׁוַוארְץ גִיוָוארִין:

רַבִּי יוֹסִי פוּן דֶער שְׁטָאט יְקֶרֶת הָאט גִיהַאט אֵיין טָאכְטֶער וָוס זִיא אִיז גָאר שְׁטַארְק שֵׁיין גִיוֶוען. אֵיין מָאל זֶעהְט עֶר אַז אֵיינֶער שְׁטֵייט אוּנ דְרוּיסִין אוּנ בַּאטְרַאכְט זִיךְ אַז עֶר זָאל זִיא זֶעהֶן. זָאגְט רַבִּי יוֹסִי וָואס בַּטַייט דָאס וָואס דוּ שְׁטֵייסְט אַזוֹא לַאנְגֶע צַייט אוּנ דְרוּיסִין. זָאגְט עֶר לִיבֶּער רַבִּי. אִיךְ הָאבּ נִיט זוֹכֶה גִיוֶוען דַיין טָאכְטֶער צוּא גֶעמִין פַאר אֵיין וַוייבּ לָאז מִיר זוֹכֶה זַיין זִיא צוּ זֶעהֶן. זָאגְט רַבִּי יוֹסִי מַיין לִיבֶּע טָאכְטֶער דוּ גֶעוֶוענְטְשִׁין הָאבִּין גְרוֹיס צַעַר אִיבֶּער דֶעם וַוייל דוּ בִּיסְט אַזוֹי שֵׁיין. דְרוּם גֵייא צוּרִיק אוּנ דֶעם אוֹרְט פוּן וַואנְגִיט דוּ בִּיסְט גִיקוּמֶען. כְּדֵי דוּ וֶועלְסְט מַאנְס לַייט זָאלִין נִיט גִישְׁטְרָאפְט וֶוערִין אִיבֶּער דִיר. אוּנ עֶס אִיז אַזוֹי גִישֶׁעהֶן אַז זִיא אִיז בַּאלְד גִישְׁטָארְבִּין: רַבִּי יוֹסִי הָאט גִיהַאט אֵיין אֵייזִיל. וֶוען אֵיינֶער הָאט דָאס אֵייזִיל גִידוּנְגִין הָאט מֶען דֶער נָאךְ דֶעם אֵייזִיל גִיגֶעבִּין דָאס גֶעלְד אוּנ דָאס אֵייזִיל

הָאט

האט דאס אפּ געבּרענגט צו רבי יוסי. אונ אז וועליכער האט געגעבּן ווייניגער אודער מער האט דאס אייזיל ניט געוואלט צו נעמען. איין מאל האט איינער בּצאלט דעם אייזיל דאס געלד נאר ער האט פאר געסן אויף דעם אייזיל זיין פאנטאפיל האט דאס אייזיל ניט געוואלט אוועק גיין בּיז ער האט דעם פאנטאפיל אראפּ גינומן: רבּי חנינא בּן דוסא האט גיהאט פיל ציגן. איין מאל קומן צו אים די שכנים, אונ זאגן ליבער רבּי אייערי ציגן טאהן אונז גרויסע שאדענס אונ פעלד. זאגט רבי חנינא באם עס איז אמת וויא איר זאגט זאלן די בערן אויף עסן מייני ציגן. אונ באם עס איז ניט אמת זאל יעדער ציג אזוי וויא קומט צהיים פאר נאכט מיט ברענגין אונ אירע הענד איין בער. אונ עס איז אזוי גיוועזן. אז יעדער ציג האט גיבּרענגט צו רבי חנינא איין בער. האט מען גיזעהן אז זייא האבּן שקר גירעט: רב אונ רב זירא האבן צו זאמען גימאכט סעודת פורים. ווי זיי האבּן זיך גוט פר טרונקען מיט וויין. אזו האט רב רבי זירא גישאכטן. ווי רב האט זיך אויס גישלאפן זעהט ער וואס ער האט גיטאן. האט ער תפלה גיטאן צו השי"ת. איז רב זירא צוריק לעבּידיג גיווארן. אז עס איז גיקומען דאס אנדערי יאר פורים זאגט ווייטער רב צו רבי זירא לאזין מיר צוא זאמין מאכין סעודת פורים. זאגט רבי זירא איך וויל ניט. ווארן טאמיר וועסטו מיך ווייטער שעכטין אונ ניט שטענדיג גיראט איין נס. וועט דאך ניט זיין קיין שמחת פורים. רב כהנא האט גיהאט צו פאר קויפין קלייני קיטין ער פלעגט אים צו גיין פון איין שטאט צו דער אנדערע אונ האט פאר קויפט די קלייני קייטין. איין מאל איז ער גיקומען צו איין פריצה זיא זאל ביי אים קויפין. אונ רב כהנא איז גיוועזן איין שיינער מענטש. זאגט זיא צו אים אז ער זאל ביי איר ליגין. אזו האט רב כהנא ניט גיוויסט וויא אזו ער זאל דער פון ניצול ווערין. זאגט ער האר מיר אויס איך וועל מיך גיין אהן טאן אבּיסיל שענער. אונ ער איז ארויף אויף דעם בוידים אונ האט זיך אראפּ גיווארפן אויף דער ערד. כדי ער זאל שטארבּין איידער ער זאל טאן די עבירה. אזו איז אליהו הנביא צו אים גיקומין אונ האט אים אויף גיהויבין אונ ער איז ווידער לעבּידיג גיווארין. זאגט אליהו הנביא צוא אים דוא האסט מיך מטריח גיוועזן. אז איך האב גימוזט צו ליב דיר קומין פון פיר הונדערט מייל. זאגט רב כהנא ווער איז דאס שולדיג. נאר דער בלית. ווען איך זאל ניט זיין אזוי ארום וואלט איך דאך ניט גידארפן אזוי ארום צו גיין מיט דער סחורה וואלט מיר דאס ניט צו האנדרן גיקומין. וויא אליהו הנביא האט דאס גיהערט. האט ער אים גיגעבין איין טעסטיל מיט דוקאטין. איז דער גוטער רב כהנא ניצול גיווארין פון דער עבירה. אונ דער צו נאך איין עושר גיווארן. זיין זכות זאל כל ישראל ביי שטיין אמן סלה:

# פרק ששה ועשרים

אין דעם פרק ווערט גישריבין הידושים פון דעם מלאך המות וואס האט זיך פאר צייטונגס גיטראפין גאט זאל אונז מציל זיין פון אים:

אונזערע חכמים שרייבין ווען עס איז חס ושלום. איין דבר אונ איין מקום זאל מען זיין אונ שטיב מען זאל ניט ארויס גיין. אונ אז ער דארף נייטיג ארויס צו גיין זאל ער ניט גיין אונ דער מיט גאס. נאר ווי דען נאר אונ דו זייטון. ווארן דער מלאך המות גייט אונ דער מיט גאס. אונ וויל מען האט אים רשות גיגעבין נעמט ער ווען ער טרעפט רבא פלעגט זיין פענצטער צו מאכין ווען עס איז רחמנא ליצלן איין דבר גיוועזן. אויך ווען עס איז ר"ל איין דבר זאל מען אליין ניט גיין אונ שול אריין. וויל דער מלאך המות האט דארטן זייני כלים. ווען די הינד שרייען איז איין סימן אז דער מלאך המות איז דא אונ דער שטאט אונ ווען די הינד שפּילין זיך איז איין סימן אז אליהו הנביא איז דא. אונ שטענדיג זאל מען ניט גיין אונ די זייטון פון דער גאס נאר אונ דער מיט. ווארן דער

מלאך המות בהאלט זיך אונ דו זיימן . רב ביבי בן אביי ער פלעגט אופט צו זיין ביי דעם מלאך המות . איין מאל האט רב ביבי גיהערט ווי דער מלאך המות האט גיזאגט צו זיינם איין שליח גיי ברענג מיר דו מרים וואס דו ווייבער פלעכטין אירע האר . אזוי האט ער גיברענגט דו מרים וואס זיא האט דו קינדער זייערי האר גיפלאכטען . אזוי פרעגט דער מלאך המות דעם שליח פאר וואס האסטו מיר גיברענגט דו מרים . איך האב דאך דיר גיהייסין ברענגען יענע מרים . זאגט דער שליח איך האב איין טעות גיהאט נאר איך וועל זיא צוריק שטעלין אוף דעם אורט ווי איך האב זיא גינומען . זאגט דער מלאך המות אז זיא איז שוין דא זאל זיא שוין דא בלייבין . נאר זאג מיר ווי האסט זיא גיקאנט באקומען זיא האט דאך נאך גיהאט צו לעבין . זאגט דער שליח זיא האט זיך גירדייט לעבין באק אויבין אונ איר מזל איז איר גראד שלעכט גיוואורין איז איר גיפאלין אויף איר פוס איין שטיק פייער האב איך זיא גיקאנט באקומען . פרעגט רב ביבי דעם מלאך המות . האסטו דען רשות איינים אים צו ברענגין פאר דער צייט . זאגט דער מלאך המות יוא עס שטייט דאך גישריבין אז אופט שטארבט איינער אהן משפט האטשו ער האט קיין עבירה ניט גיטאן . זאגט רב ביבי עס שטייט דאך גישריבין דער מענטש קאן ניט שטארבען ביז זיין צייט קומט . ענטפערט דער מלאך המות ווען עס טרעפט זיך אזעליכע וואס שטארבט פאר דער צייט גיב איך אים איבער צוא דעם מלאך דומה וואס ער היט זיי ביז דו צייט קומט . דער נאך גיט ער זיי מיר צוריק אפ . פרעגט רב ביבי וואס וועסטו טאן מיט דו יארין פון דער מרים וואס זיא האט נאך גידארפין צו לעבין . זאגט דער מלאך המות ווען איין למדן איז איין עניו אונ ער איז אלעם מוחל וואס עס טרעפט אים אזוינס שענק איך אים דו יארין . ווי רבי יהושע בן לוי האט גידארפין צו שטארבען האט מען גזאגט אונ הימיל צום מלאך המות . גיי ברענג דו נשמה פון רבי יהושע בן לוי . ווי דער מלאך המות איז צו אים גיקומען זאגט דער גיטער רבי יהושע בן לוי וויז מיר מיין אורט אונ גן עדן . ווו איך וועל האבען . זאגט ער קום איך וועל דיר ווייזין . זאגט רבי יהושע גיב מיר דיין מעסער . וואורין איך וויל דיר ניט גיטראהן איבער דעם וועג . אזוי גיט אים דער מלאך המות זיין מעסער . ווי זיי זענען גיקומען צו דעם אורט . הייבט אים דער מלאך המות אויף אונ דער הייך . כדי ער זאל קאנען זעהן זיין אורט . אזוי טוט רבי יהושע איין שפרונג איבער דעם בארג . אונ דאס מעסער האט ער אויך ביי זיך גיהאט . אזוי האפט אים דער מלאך המות אן זיין מלביש אז ער זאל צוריק גיין . זאגט דער גיטער רבי יהושע איך טוא איין שבועה אז איך וועל ניט צוריק גיין . האט דער מלאך המות דאס דער ציילט פאר הקב"ה . האט הקב"ה גיזאגט מען זאל נאך קוקען האט ער אנדערש איין מאל איין שבועה גיטאן . אונ האט זיך גילאזט מתיר זיין . וועט מען אים דו שבועה אויך מתיר זיין . אונ באם ער האט זיך קיין מאל ניט גילאזט מתיר זיין קאן מען די שבועה אויך ניט מתיר זיין . אזוי האט מען נאך גיזוכט . אבער ער האט אונ זיין גאנץ לעבען קיין שום שבועה ניט גיטאן . איז פאר בליבין אז ער דארף ניט צוריק גיין צום מלאך המות . זאגט דער מלאך המות גיב מיר אפ מיין מעסער . אבער רבי יהושע בן לוי האט אים ניט גיוואלט אפ געבין . ביז עס איז ארויס איין בת קול פון הימיל אונ האט גיזאגט גיב אפ דאס מעסער . וואורין מען דארף דאס פאר דוא מענטשין . וואס דארפין צו שטארבען . אזוי האט עס רבי יהושע בן לוי אפ גיגעבין . אין דער גיטער רבי יהושע בן לוי איז לעבעדיגער הייט אונ הימיל אריין . האט אליהו הנביא אויס גירופין אונ הימיל רוימט אויס איין אורט פאר רבי יהושע בן לוי . אזוי זאלין כל ישראל איין אורט באקומען ווי ער האט גיהאט . רבי חנינא בן פפא פלעגט אופט צו זיין ביי דעם מלאך המות ער איז גיוועזן זיין בעסטער גיטער פריינד . ווי רבי חנינא האט גדארפין צוא שטארבען . האט מען גיזאגט אונ הימיל צום מלאך המות גיי אונ ברענג דו נשמה פון רבי

חֲנִינָא בֶּן פָּפָּא . ווי ער איז צו אים גיקומען . אזוי בעט אים רַבִּי חֲנִינָא אז ער זאל אים ווארטין דרייסיג טאג אז ער זאל קאנען זיין לערנען איבער חזרין . ווייל מען זאגט אונ היטיל וואל צוא דעם מענטש וואס ער ברענגט מיט זיין לערנען . אזוי איז דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת פון אים אוועק גיגאנגען . ווי עס איז פאר ביי גיגאנגען די דרייסיג טאג אזוי קומט ער צו אים . זאגט דער גוטער רַבִּי חֲנִינָא בֶּן פָּפָּא . ערשט ווייז מיר מיין אורט אונ גַן עֵדֶן איידער איך וועל שטארבען זאגט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת קום מיט מיר וועל איך דיר ווייזין . זאגט רַבִּי חֲנִינָא גיב מיר דיין מעסער . ווארון איך גלייב דיר ניט איבער דעם וועג . אזוי זאגט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת דאס מעסיר גיטרוי איך קיינעם ניט . ווארון טאמער ווילסט דו מיר אויך אזוי טאן אזוי וויא דיין חָבֵר רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי . זאגט דער גיטער רַבִּי חֲנִינָא בֶּן פָּפָּא ברענג מיר איין סֵפֶר תּוֹרָה : אונ ווייז מיר איין זאך וואס איך האב ניט מְקַיֵּים גיוועזן . דער גיטער רַבִּי חֲנִינָא בֶּן פָּפָּא מוז דאך שטארבען אבער גאם פאר איין אורט ער האט גיהאט זאלען מיר אונז כָּל יִשְׂרָאֵל זוכה זיין צו האבען אזעלכע ערטער . רַבִּי אֶלְעָזָר האט איין מאל גיגעסין תְּרוּמָה . קומט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת צו אים אונ וויל ביי אים זיין נְשָׁמָה צו נעמין . זאגט רַבִּי אֶלְעָזָר זעסטו דען ניט אז איך עס תְּרוּמָה אונ דאס הייסט קוֹדֶשׁ . איז דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אוועק גיגאנגען . אונ ער האט נאך גילעבט איין לאנגע צייט דער נאך . איין מאל איז רַב שֵׁשֶׁת גיגאנגען אונ מארק . אזוי באגעגענט אים דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת . אונ וויל ביי אים די נְשָׁמָה צוא נעמען . זאגט רַב שֵׁשֶׁת פאר וואס קומסטו צו מיר אונ מארק ווילסטו דען מיך שעכטון אזו ווי איין בְּהֵמָה . אזוי איז דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת פון אים אוועק גיגאנגען . דער נאך איז ער צום אים גיקומען אונ שטוב אריין . איז דער גיטער רַב שֵׁשֶׁת גישטארבען דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת האט איין מאל באגעגנט רַב אַשִׁי אויף דעם מארק . אונ וויל ביי אים די נְשָׁמָה צו נעמען . אזוי זאגט רַב אַשִׁי לאז מיך אפ דרייסיג טאג כְּדֵי איך זאל קאנען מיין לערנען איבער חזרן . ווארן מען זאגט אונ היטיל וואל דעם מענטש וואס ברענגט מיט זיך דאס לערנען . אזוי לאזט אים דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אפ . ווי עס איז גיקומען דער דרייסיגסטער טאג קומט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת צו אים אזוי ווי ער האט אליין פאר לאנגט . זאגט דער גיטער רַב אַשִׁי וואס וואלט דיר גיוועזן גישאט זאלסט גיוועזן קומען מיט עטליכע טעג שפעטער . זאגט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת איך קאן ניט לענגער ווארטען . ווארון דו צייט קומט אז רַבִּי נָתָן זאל ווערין רַבִּי אונ עס טאר ניט פעלין איין רגע דרום מוזטו שטארבען . רַב חִסְדָּא האט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת גאר ניט גיקאנט טאן ווייל ער האט שטענדיג גילערנט וואס טוט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת ער צוא שפאלט איין בוים וואס עס איז גישטאנען לעבען רַב חִסְדָּאס הויז . האט זיך רַב חִסְדָּא דער שראקען אונ ער האט אויף גיהערט גיהערט צו לערנון איז ער גישטארבין : רַבִּי חִיָּיא האט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת ניט גיקאנט טאן . איין מאל קומט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת אונ שטעלט זיך בייא דער טיר אזוי וויא איין עָנִי . זאגט דער גוטער רַבִּי חִיָּיא גוטס דעם עָנִי איין שטיקעל ברויט . אזו גייט דער מַלְאַךְ הַמָּוֶת צו אים צו אונ זאגט פאר וואס דער בארומסטו דיך איבער איין עָנִי . אונ איבער מיר ווילסטו דיך ניט דער בארומען . מאכסט מיר אזא גרויסע טִרְחָה אונ ער ווייזט אים איין פייערדיגע ריט . אזו האט זיך רַבִּי חִיָּיא איבער גיגעבין מיט זיין גוטען ווילין אונ איז גישטארבן . זיין זְכוּת זאל כָּל יִשְׂרָאֵל גינוסען בָּעוֹלָם הַזֶּה וּבָעוֹלָם הַבָּא אָמֵן סֶלָה :

## פרק שבעה ועשרים

אין דעם פֶּרֶק ווערט גישריבין ווי אזוי דער מענטש זאל זיך נוהג זיין אונטער וועגנס כְּדֵי ער זאל בְּשָׁלוֹם צוריק קומען צו זיין ווייב אונ קינדער :

אונזערי חכמים שרייבן אלי וועגין וואס דער מענטש גייט זענון איין סכנה. ווען ער גייט אוועק ווייסט ער. אבער ווען ער וועט צוריק קומען דאס ווייסט ער ניט. דרום דארף יעדער גיווארנט זיין מיט די זאכון אזוי ווי מיר שרייבן דא. אז יעדער מענטש דארף גאנץ פריא אוועק צו גיין פון דער אכסניא. אונ פאר נאכט ביי צייטונס צוריק צוא קומען אין אכסניא אריין. נעם דיר מיט שייני קליידער. כדי מען זאל דיר כבוד אהן טוהן ווארום אונ דער היים טוט מען דיר כבוד אהן וועגין דיין נאמען. אבער אונטער וועגונס קאן מען דאך ניט דיין נאמען אזוי וועט מען דיר כבוד געבין וועגין די שייני קליידער. ווער עס גיזעגינט זיך מיט זיין חבר זאל מען ניט זאגין גיי בשלום נייערט גיי לשלום. אז דו גייסט אוועק אונ וועג אריין. אונ בלייט דיך קיינער ניט. זאלסטו תורה לערנון איז דאס איין רפואה צוא אלעמען. אויף דעם וועג זאל מען זיך ניט צו פיל מצער זיין:

מעשה איין נכרי אונ איין ישראל זענון צו זאמען אונ וועג גיגאנגין. דער יהודי איז גיגאנגען גאר גישווינד אז דער נכרי האט אים ניט גיקאנט נאך גיין. האט דער נכרי ניט גיוויסט וואס ער זאל טאן. אז דער יהודי זאל אזוי גישווינד ניט גיין. אזוי דער מאנט ער דעם יהודי אהן חרבן בית המקדש אז דער יהודי זאל זיך מצער זיין וועט ער וואלגער גיין. אזוי זיפצט דער יהודי. אבער ער גייט נאך גענער וויא פרוער. פרעגט אים דער נכרי עס שטייט דעך אונ דער תורה גישריבין ווען איינער איז זיך מצער גייט אים אפ העלפט כח פאר וואס גייסטו נאך אזוי גישווינד. ענטפערט אים דער יהודי דאס איז גיזאגט גיווארין ווען דער צער איז פון איין זאך וואס עס איז ערשט ניט לאנג גיוועזן נעמט עס טאקע צו העלפט כח. אבער חורבן בית המקדש איז שוין איין לאנגע צייט. דרום איז דער צער ניט אזוי גרויס. אז ביסט אונטער וועגונס זאלסטו דיך גוט אהן טאן פאר דער קעלט. אונזערי חכמים שרייבן אלעס איז אונ השי"ת העגד חוץ דוא קעלט אונ דוא היץ. כלומר ווען דער מענטש פאר היט זיך ניט אליין פאר דער קעלט. אודער פאר דער היץ. איז ער זיך אליין שולדיג. אויך זאלסטו ניט גיין מיט איין שלעכטי חברותה. רב גידל האט גיזאגט ווען דו גייסט מיט די מענטשין פון דעם מקום גרשה האטשו זייא קושין דיך דאך זעה אויב האסט נאך אלע דיינע ציין. ווארן זיי זענון שלעכטע מענטשין. האטשו זיי טוהן דיר איין טובה אבער זיי וועלין דיר איין גניבה אויך טאן. ווידער זאגט רב גידל ווען דו מענטשון פון נהר פוקדאה בלייטון דיך. טון זיי דאס ווייל זייא ווילען דיר איין גניבה טאהן. אויך זאגט רב גידל ווען די מענטשון פון פומבדותא גיין מיט דיר זאלסטו זיי ניט ווייזון דאס רעכטע אורט ווי דו ווילסט איין שטיין. ווארן זיי וועלין דיר איין גניבה טאן:

מעשה רב מנשה איז גיגאנגון אונטער וועגונס. האבן אים באגעגינט גנבים. אזוי פרעגין אים דוא גנבים וויא ער גייט אזוי זאגט ער זייא אז ער גייט נאך ווייטער פון דער שטאט תורתא. ווי ער איז גיקומין אונ דער שטאט תורתא אליין. אזו איז ער דארטון פאר בלובין. זאגין די גנבים מיר זעהן וואול אז די תלמודים פון רבי יהודה זענון רמאים. ווארום רב מנשה איז אויך גיוועזן רב יהודהס איין תלמוד. זאגט רב מנשה וויל איר האט דאס גזאגט זאלט איר זיין אונ חרם פון מיין רבי. אונ די גנבים זענון ווייטער אוועק גיגאנגון אבער זיי האבן צוויי אונ צוואנציג יאר קיין הצלחה ניט גיהאט וואס זיי האבין גיגאנבית האט מען אלעס ביי זיי אפ גינומען. אזוי זאגין די גנבים מיר האבן קיין הצלחה ניט ווייל מיר זענין אונ חרם. אזו זענון זיי אלי גקומן צו רבי מנשה אונ האבן אים מחילה גיבעטון אז ער זאל זיי ארויס נעמין פון דעם חרם. אזוי האט רבי מנשה פון זיי דעם חרם אפ גיטאן נאר איינער צווישין די גנבים איז גיוועזן איין וועבער וואס ער האט ניט גיוואלט גיין צו רב מנשה ער זאל אים מחילה בעטין. אונ איין קארצע צייט ארום האט אים איין לייב באגעגינט אונ

האט

האט אים ממית געוועזן. דאס איז געוועזן ווייל ער איז בית זיך געוועזן איין בעל גאוה. אז ער האט ניט געוואלט רב מנשה איבער בעטן. דרום האט ער ניט לאנג געלעבט: ווען דו קומסט אונ איין אורט זאלסטו אלעס טאן אזוי וויא דיער מנהג איז. אז משה רבינו איז געוועזן אונ הימל. האט ער ניט געגעסן אונ ניט געטרונקן. ווייל זייער מנהג איז קען זאל ניט עסן. אז דו קומסט אויף איין אורט אונ עס איז וואלוויל שפייז נעם מיט מיט דיר עס וועט דיר צו ניץ קומען. פאר ענדער ניט דיין אכסנאי. אונזערי חכמים שרייבין ווי לאנג איז ער מחויב ער זאל ניט פאר ענדערין זיין אכסנאי. אזו לאנג ביז דער בעל הבית טארפט אים אורער זייני מלבושים ארויס. דענמאלט זאל ער זיך נעמען איין אנדערען שטאנציע. אונטער וועגונס זאלסטו ניט גיין גישווינד. ווארון אונזערי חכמים שרייבן דאס געבער גיין געמט דעם מענטש זיין גיזוכט צו. הקדוש ברוך הוא זאל כל ישראל מציל זיין פון אלי סכנות אמן סלה:

# פרק שמונה ועשרים

אין דעם פרק ווערט גישריבן ווי אזוי דער פאטער זאל זייני קינדער מגדל זיין אזו וועט ער כבוד האבען בעולם הזה. ובעולם הבא. אויך וועלין אלע מענטשון פון אים איין נחת רוח האבן:

אונזערי חכמים שרייבן עס איז ניט מיגליך אז דוא וועלט זאל זיין אהן זכרים אונ אהן נקבות. וואול צוא דעם וואס האט זוהן. אונ וויי צוא דעם וואס האט טעכטער. דאס ערשטי איז ביסט מחויב דיין קינד תורה צו לערנון. זובען זאכון זענין אונ חרם בייא הקב"ה איינס איז דרונטער ווער עס איז זיין קינד ניט מגדל לתורה. זאלסט ניט מאכין איין קינד מיין אורער בעסערי קליידער פאר דעם אנדערון. ווארון יוסף הצדיק איז וועגין דעם זיידענים העמדיל וואס ער האט גיהאט מיין פון דוא איבערוגע ברודער פאר קויפט גיווארין קיין מצרים. אז דוא ווילסט עפים דיין קינד לערנון זאלסטו דאס לערנון אונ דער יוגינט. ווארון אויף דער עלטער לאזט ער זיך שוין ניט לערנון. גיב אכטונג אויף דיין קינד אונ דער יוגונט ער זאל קיין שלעכטים ניט טאהן. ווארון אז דאס קינד וועט עלטער ווערון וועסטו דאס שוין נישט קאנען פאר הוטין. אונזערי חכמים שרייבן ווער עס דער ציהט זיינע קינדער צו גוטען אונ ווער עס מאכט זיינע קינדער בצייטונס חתונה. אויף דעם זאגט דער פסוק זאלסט וויסען אז אונ דיין הויז וועט זיין לויטער שלום: ווען דו נובסט דיין קינד איין חייב. זאלסטו פרועד בודק זיין אונ אירע ברודער. ווארון עס מיינסט קינדער גיראטון נאך דער מוטערס ברודער נאך. אונ ספר בן סירא שטייט. איך האב אלעס גיוואגין אונ איין וואנ שאל האב איך ניט גיפונען קיין גרונגערי זאך ווי קלייען דאס איז נאר לייכט. אבער דאך איז דא איין לייכטערע זאך. איין איידים וואס וואונט ביי זיין שווער אונ הויז דאס איז איין מיאוסה זאך. עס קאן דער פון זנות ארויס קומען. אויך איז פאר האנדון נאך איין מיאוסערי. זאך ווען איין אורח בעט דעם אנדערון אורח צו גאסט. אויך איז פאר האנדון נאך איין מיאוסערי זאך. ווען איינער רופט זיך אהן אונ איין זאך איידער ער הערט עס גוט אויס. אונזערי חכמים עס שטייט גישריבן אז דער מענטש זאל צלי צייט צדקה געבין. איז דאך קשה ווי איז דאס מיגליך שטענדיג צדקה צו געבין. נאר דאס מיינט מען ווער עס איז זייני קינדער מפרנס ווען זייא זענין נאך קליין. דאס הייסט דער גוט אלע צייט צדקה:

מעשה חוני המעגל איז איין מאל גיגאנגען אונטער וועגונס. אזו זעהט ער אז איין מענטש פלאנצט איין באקסערין בוים. פרעגט ער אים וואס נאך פלאנצטו דאס ווארקסט

דאך ערשט צו זיבעציג יאר ועסטו דעך אזוי לאנג לעבין . ענטפערט איס דער גוטער מענטש אזוי גוט ווי מיינע עלטערן האבן גיפלאנצט אז איך זאל דער פון עסין . אזוי גוט דארף איך צוא זארגין פאר מיינע קינדער זאלין דער פון עסין . ווען אפילו איך וועל ניט דער לעבין פון דעם בוים צו עסין . וועלין מיינע קינדער פון דעם עסין : אויך גיהער מען זייני קינדער ניט פאר שטויסן . ווען אפילו דאס קינד טוט ניט גוטע זאכין דאך זאל מען דאס מיט גוטען צו זיך צו גיוואוינען . דרייא זאכין איז פאר האנדין אז מיט דער לינקער האנד זאל מען זיי פון זיך אפ שטויסון . אונ מיט דער רעכטער האנד זאל מען זיי צוריק צוא זיך צוא ציען . איינס דער גוטער איז . זיין קינד זאל מען ניט פאר שטויסון ווען אפילו עס טוט עפיס בייז :

מעשה רבי יוסי בן יועזר האט גיהאט איין זוהן . ער האט ניט גיוואלט קיין גוטס טאן . אונ דער רבי יוסי איז גיוועזן איין גרויסער עושר . אזוי נעמט ער צוא נויף איין מעטבטיל מיט דוקאטין אונ איז עס מקדיש אז מען זאל דער פון קיינער קיין הנאה ניט האבן דער וייל האט רבי יוסי'ס זוהן איין פרויא גינומען פון איינים וואס מאכט די קרוינען דעם ינאי המלך . אונ דארטין איז איין מנהג גיוועזן אז איין פרויא האט איין קינד גיהאט . עס האט גימאגט זיין רייך . אודער ארום . האט דער מאן גימוזט קויפין איין פיש אז די פרויא זאל האבן צו עסון . נוא ווייא דעם רבי יוסי'ס זונס וייב האט איין קינד גיהאט איז ער גיגאנגן אויף דעם מארק איין פיש קויפון . ווי ער האט דעם פיש גימאכט האט ער גיפונען אונ דעם פיש איין שיינעם פעריל . ווס זיין גלייכון איז ניט דא אונ דר גאנצער וועלט . אזוי האט זיך זיין וייב שטארק משמח גיוועזן : זאגט די פרויא ליבער מאן מיר וועלין די פעריל גאר דעם מלך ניט ווייזון . וואר'ן ער וועט וועלין פאר ווינציג געלד דאס קויפין . גייא צו דעם גבאי פון דעם בית המקדש אונ פאר קויף איס . ער דארף אזעלכים צו דעם חושן ואפוד . גאר זאלסט ניט זאגין ווי פיל דו ווילסט פאר אים . ווארון טאמער איז ער מיין ווערט אונ דו וועסט דאך שוין מיין ניט נעמין גאר ווי פיל דו האסט גיזאגט . דרום זאלסט דוא דעם גבאי זאגין ער זאל דיר געבן ווי פיל זיא איז ווערט . ער איז איין ערליכער מאן ער וועט ניט נארין . ווי דער גוטער מאן האט די פעריל צוא דעם גבאי גיברענגט . האט זיא דער גבאי גישאצט דרייצען מעסטליך דוקאטין . נאר דער גבאי האט אים גיזאגט אז צוגר האט ער מיין ניט אונ דער צדקה ווי זיבען מעסטליך דוקאטון . אונ מיט די רעשט זעקס מעסטליך דוקאטון . אזו גיב זיי מיר . אונ די אנדערי זעקס מעסטליך בין איך מקדיש אוף צדקה . הט זיך דער מאן מיט זיין וייב משמח גיוועזן מיט דוא זובען מעסטליך דוקאטון . דרויף האבין דוא חכמים גישריבין איין פאטער האט איין מעסטיל דוקאטין מקדיש גיוועזן אקעגין האט זיין זוהן זובען מעסטליך דוקאטון מקדיש גיוועזן : רב שמואל זאגט צו רב יהודה מיין שארפער תלמוד האט ניט צו טאהן מיט דער זאך ווען איינער נעמט אוועק די ירושה פון זיין קינד אונ גוט זיא איין אנדערין ווען דאס קינד איז ניט גוט . אונזערי חכמים שרייבן וועער עס גוט זיין טאכטער איין מאן איין עם הארץ איז גלייך ער וואלט זיא גיבונדין אונ גילייגט פאר איין לייב . ווארון ביי איין עם הארץ איז גאר קיין בושה ניט . ערשט שלאגט ער זיא דער נאך זאגט ער צו איר ליג ביי מיר . אויך זאלסטו ניט געבין דיין זוהן איין וייב פון איין עם הארץ . ווארון די קינדער פון זייא וועלין צוריק זיין עם הארצים . דער מענטש גיהער וואס צו טאן אז ער זאל איין בת תלמוד חכם נעמין . דאס משל איז איין גוטער ווייין גארטין גוט גוטען ווייין . אזוי אויך אז די מוטער איז גוט האט זיא אויך גוטע קינדער . אז ער קאן אבער ניט קומען צו איין בת תלמוד חכם . זאל ער נעמין איין טאכטער פון איין איש חשוב . אונ אז ער קאן דאס אויך ניט באקומען . זאל ער נעמין פון אזעליכע וואס האט עפיס צו שאפין אונ דער קהלה . קאן ער דאס אויך ניט האבן זאל ער נעמין איין

שאכטער פון איין מלמד אונ ניט פון קיין עם הארץ: יעדער פאטער דארף זיין קינד איין מלאכה צו לערנען וואס גרינג אונ ריין איז. רבי נהוראי זאגט איך וויל מיין קינד קיין מלאכה ניט לערנען נאר תורה. דאס איז דוא בעסטע מלאכה זיא שטייט אים בעולם הזה ובעולם הבא. גיב דיין זוהן איין פרויא צו דער רעכטי צייט. דאס הייסט צו אכצען יאר. ביז צוואנציג יאר האפט הקדוש ברוך הוא אז ער וועט איין ווייב נעמן אבער ווער עס ווארט לענגער. זאגט הקדוש ברוך הוא פאר פלוכט זאל ער זיין ווייל ער האט ניט קיין ווייב גינומען. אונ אז ער שטארקט חיו אהן איין ווייב איז זיין חטא גאר גרוס. אויך גיב דיין טאכטער בצייטונגס איין מאן. ווארום אז זיא נעמט פאר צוואנציג יאר איין מאן. קאן זיא ביז זעכציג יאר קינדער האבן. אונ אז זיא נעמט איין מאן נאך צוואנציג יאר קאן זיא קינדער האבן ביז פערציג יאר. אונ אז זיא נעמט איין מאן ערשט צו פערציג יאר. קאן זיא קיין קינדער ניט האבן: גיוויין דיין קינד אונ דער יוגנט צו גוטען. בפרט ווען עס איז אונ שוהל ווען ער זאל פלייסיג אמן נאך זאגין. אונזערי חכמים זענין זיך מפלפל פון וועלכער צייט איין קינד ברענגט דוא פאטער אונ מוטער צו עולם הבא. רבי מאיר זאגט פון דער צייט אז עס זאגט נאך אמן בזכות זה זאלין מיר זוכה זיין לעולם הבא אמן סלה:

# פרק תשעה ועשרים

אין דעם פרק ווערט גישריבן אז יעדער מענטש זאל זעהן אז דער יצר הרע זאל אים ניט בייא קומען וועט ער קאנען האבן דאס גן עדן:

אונזערי חכמים שרייבן וואס מיין פרום דער מענטש איז מיין יצר הרע איז ביי אים. אז דער מנוול דאס הייסט דער יצר הרע באגעגנט דיך גייא מיט אים אונ בית המדרש אריין לערנען תורה. אונ אז ער גייט ניט אוועק פון דיר דער מאן אים אהן דעם טויט אזוי וועט ער תיכף אוועק גיין:

מעשה אביי האט גיהערט וויא איינער האט גיזאגט צו איין פרעמדי פרויא מארגין וועלין מיר צו זאמען גיין אויף דעם אורט. אזוי איז דער גוטער אביי זיי נאך גיגאנגען דריי מייל אונ האט זייא ניט דער לאזט אז זיי זאלין איין עבירה טאן: אונזערי חכמים שרייבן ווי אזוי עזרא הנביא האט תפלה גיטאן צו הקדוש ברוך הוא. רבונו של עולם דו ישראל זענין פאר טריבען גיווארן דאס איז אלעס איבער דעם יצר הרע ער האט זיי צו דעם אלעס אהן גירעט דרום בעט איך דיך גיב אונז דעם יצר הרע אונ דו העגר אריין. אזוי איז איין בריף אראפ פון הימל אויף דער ערד עס איז גישטאנען אמת דאס בטייט אז הקדוש ברוך הוא איז מסכים אויף דעם. אזוי האבין זייא גוזר תענית גיוועזן דרייא טעג אונ דרייא נעכט צו השי"ת זאל זיי דעם יצר הרע איבער געבין. וויא עס איז פאר בייא גיגאנגין דו דרייא טעג. אזוי האט השי"ת איבער גיענטפערט דעם יצר הרע אונ בית המקדש עס איז ארויס איין פייער פון קדשי קדשים. אזוי זאגט דער נביא דאס איז דער יצר הרע פון ע"א דאס ער וועט שוין קיין מאכט ניט האבן. ווי זיי האבן אים גיוואלט תפיס געמין האבן זיי אים גירופין איין האר. אזו הייבט ער אהן צו שרייען אז מען האט זיין קול גיהערט אויף פיר הונדערט מייל אונ הימל. זאגין דו מענטשן פיליכט זאלין מיר זיך איבער אים דער בארומין ווייל ער שרייט אזו. זאגט דער נביא נעמט דעם יצר הרע אונ ווארפט אים אונ איין קעסיל פון בלייא אונ דעקט אים צו מיט בלייא מען זאל זיין קול ניט הערין. זאגין דו מענטשן ווייל עס איז איצונד איין עת רצון לאזין מיר תפלה טאן אז דער יצר הרע פון זנות זאל אויך צו אונז איבער גיענטפערט ווערן. אזו האבן זיי תפלה גיטאן אונ דער יצר הרע איז צו זיי איבער גיענטפערט גיווארן. זאגין דו חכמים אז מיר וועלין דעם יצר הרע

אויך

איך מית זיין וועט דז וועלט חרוב ווערין . ווארין ווי זיי האבן אים תפוס גיהאלטן דרייא טעג אזוי האט מען אונ גאנץ ארץ ישראל . קיין איי פון דעם איינגענים טאג ניט באקומען צו איין חולי פאר איין רפואה . ווארין ווען ניט דער יצר הרע וואלט . קיין מענטש ניט חשק האט צו זיין פרויא אפילו איין האן האט ניט השק צו הינער . אזוי האבן זיי ניט גיוויסט וואס זיי זאלין טוהן זאלין זיי אים מית זיין וועט דו וועלט חרוב ווערין . זאלין זייא תפלה טאהן צו הקב״ה אויף דער העלפט כלומר אז דער יצר הרע זאל ניט . קיין מאכט האבן אהן צו רעדין דעם מענטש ער זאל מזנה זיין מיט זייני קרובים קאן אויך ניט זיין . ווארין מען נעמט ניט אהן אונ הימיל אויף איין העלפט . אזוי האבין זיי אים אויס גישטאכין איין אויג . אונ האבן מיט אים אויס גינומן אז ער זאל דעם מענטש ניט אהן ריירין אויף זייני קרובים . אונ זיי האבין אים אפ גילאזט :

# פרק שלשים

אונ דעם פרק ווערט גישריבן דו חרושים פון ירושלים . הקב״ה זאל עס באלד צוריק אויף בויען : ווען שלמה המלך האט דאס בית המקדש גיבויעט . אזוי האט ער אונ דעם בית המקדש גיפלאנצט אלערלייא ביימער פון לויטער גאלד . ווען דוא צייט איז גיקומען אונ אלי פירות זענין צייטיג גיווארן האבן דוא גילדרינע ביימער אויך צייטיגי פירות גיגעבין ווען דר ווינט האט אונ דרויסן גיוויייעט אז דוא פירות פון דו ביימער זענין אפ גיפאלין . זענין דוא פירות פון דו גילדרינע ביימער אויך אפ גיפאלין : ווען שלמה המלך האט גיוואלט דעם ארון אריין נעמין אונ בית המקדש אריין אזוי האט ער ניט גיקאנט אריין אונ דוא טויערין האבן זיך ניט גיוואלט פאר ברייטערין . שלמה המלך האט גיזאגט פיר אונ צוואנציג מזמורים . אונ עס האט אלעס ניט גיהאלפין . ביז ער האט גיזאגט צו הש״ית גידענק דעם זכות פון מיין פאטער . אזוי זענין באלד דו טויערין דער ברייטערט גיווארן : איינער האט גיהייסן גביני . ער פלעגט אונ בית המקדש אויס צו רופין אז דוא כהנים אונ דוא לוים זאלין זיך שטעלין דוכענו . אזו הט מען זיין קול גיהערט אויף דריי מייל . איין מאל איז אגריפס המלך גיפארין ביי נאכט האט ער גיהערט אויף דריי מייל ווייט דאס קול פון דעם גביני . ווי דער מלך איז אהיים גיקומען . אזוי האט ער גישוקט דעם גביני פיל מתנות . אבער דאס קול פון דעם כהן גדול . איז נאך גיוועזן מיין חידוש . ווען ער האט גיזאגט (אנא השם חטאתי) האט מען זיין קול גיהערט אונ יריחו דאס איז צעהן מייל פון ירושלים . אונ דאס גרעסטי חידוש איז גיוועזן ווי ער האט גיזאגט אונ יום כפור נאך מיטאג (אנא השם) דעמאלט איז ער דאך שוואך דאך האט מען עס גיהערט אונ יריחו . דאס איז איין גרויס חידוש ווארין ביי טאג הערט מען ניט אזוי ווי ביי נאכט . ווארין ביי טאג זעצט דו זון אזו ווי מען זעצט טענין ביימער דאך האט מען זיין קול גיהערט אז מען האט דוא טויערין פון בית המקדש גיעפינט האט מען דאס קול גיהערט אויף פיר מייל דו ציגין פון יריחו האבין זיך גינאסין פון דעם ריח דו בשמים פון דעם בית המקדש דר גישמאק איז גינאנגין אויף צעהן מייל . דו ווייבער פון יריחו האבן זיך ניט גידארפן צוא גיווערצין . ווארין דער גישמאק פון בית המקדש איז דארטן גיוועזן : ווי דאס בית המקדש איז חרוב גיווארן איז הקדוש ברוך הוא גיקומען אהן קוקען דאס בית המקדש הט ער גיטראפין שטיין אברהם אבינו . פרעגט אים הקדוש ברוך הוא וואס טוסטו אונ מיין הויז . ענפערט אברהם אבינו איך בין גיקומען ווענין מייני קינדער ווייא זייא זענין . זאגט הקדוש ברוך הוא דייני קינדער האבין גיזונדיגט האב איך זייא פאר טריבען . זאגט אברהם אבינו אפשר האבין זייא אים גערין גיזונדיגט . זאגט הקדוש ברוך הוא ניין זיי האבין דו עבירות במכוון גיטאן . זאגט אברהם אבינו פיליכט האבין זיי ווייניג

עבירות גיטאן. זאגט הקדוש ברוך הוא זיי האבין פיל עבירות גיטאן. זאגט אברהם אבינו דו באראכמסט זיי צו גידענקון דעם זכות פון דער מילה. זאגט הקדוש ברוך הוא זיי האבין דו מצוה אויך ניט גיהאלטון. זאגט אברהם אבינו פיליכט זאלסטו זיי גיוועזן תארוגען וואלטין זיי גיוועזן תשובה גיטאן. זאגט הקדוש ב"ה גיך זיי האבין קיין תשובה גאר ניט גיוואלט גידענקין ווען זיי האבין עבירה גיטאן האבין זיי זיך גאר גיפרייט. ווי אברהם אבינו הט דאס גיהערט האט ער זיינע הענד אויף דעם קאפ ארויף גילייגט אוג שרייט אונ וויינט אוג זאגט מאמער האבין זיי שוין דם וישלום גאר קיין הילף ניט אויף אייביג. אזו איז גיקומען איין בת קול פון הימיל אוג זאגט ישראל זענין גלייך צו איין אייל בערט בוים. אזו ווי מען פלאנצט אים איצונד אוג ערשט אוג איין לאנגי צייט ארום גיט ער זייני פירות. אזוי אויך דו ישראל מוזין גלית ליידין. אונ דער נאך ווערין זיי אויף איין מאל דער לייזט ווערין: אונזערי חכמים שרייבין ווען דאס ערשטי בית המקדש הט גיוואלט חרוב ווערין אזוי האבין זיך צו נויף גיזאמילט פיר אוג צוואנציג טויזנד יונגע כהנים אוג האבין גינומן דיעדי שליסיל אוג דוא הענד ארויין אונ זענון גיגאנגין אוג בית המקדש ארויין אוג זענון ארויף אוף דעם מויער פון בית המקדש אוג האבין גיזאגט רבונו של עולם ווייל מיר זענין ניט זוכה גיוועזן צו זיין גבאים אוג דעם בית המקדש וואס זאלין מיר טאן מיט דו שליסיל. אזו האבין זיי גיווארפין דו שליסיל קעגין דעם הימיל. איז גיקומען איין האנד פון הימיל אוג האט צוא גינומין דוא שליסיל. אזו זענון דוא אלי יונגע כהנים גישפרונגן אוג דעם פייער אריין הקדוש ברוך הוא זאל געבין דאס הייליגע בית המקדש זאל צוריק באלד צוריק גיבויעט ווערין אמן סלה:

# תם ונשלם שבח לאל בורא עולם

